נ. שעכטמאַן

# אפן בייעם וועג

קינדער - פּיעסע אין דריי אַקטן.

כאַרקאָוו—צענטרפאַרלאַג
1928

Бібліографічний опис та шифри для бібліотечних каталогів на цю книгу вміщено в „Літописі Українського Друку“ та „Картковому репертуарі“ Української Книжкової Палати.

אוקרהויפּטליט נומ. 699.
באַשטעלונג נומ. 5988.
טיראַזש 3000 עקזעמפּל.

1 טע מעלוכע - דרוקעריי
„קאָמוניסט“
— פון טרעסט —
„כארקאָוו - דרוק“
כאַרקאָוו, פּושקינסקע, 31.

# אָנטיילנעמער:

מעלאמעד — אַלט 55 יאָר.
ציפּע — זיין פרוי, אַלט 45 יאָר.
פריידקע — זייער טאָכטער, אַלט 12 יאָר.
עלקאָנע — זייער שאָכן.
צאַליע — אַ שמיד, אַלט 30 יאָר, פריידקעס פעטער פון דער מוטערס צאַד.
ריוקעלע — זיין טעכטערל.
זעליק — צאַליעס געהילף, אַלט 17 יאָר.
קירילאָ — 1־טער פויער, אַלט 50 יאָר.
אַקים — 2־טער פויער, אַלט 35 יאָר.
וואַנקע — יאַקימס זינדל, אַלט 11 יאָר.
אַ לערער.
אַ אידסעק.
מישקע — אַ קאָמיוגיסט.
אַ שכיינע.

איציק
עליק
צאָני
מייערל
מוישל
} טאַלמידים, אין דריטן אַקט — פּיאָנערן.

מאַשע — אַ פּיאָנערקע.
טאַלמידים, פּיאָנערן, שילער, אן אָקטיאַבערל.

# ערשטער אַקט

(אַ כיידער, וואו דער מעלאַמעד קנעלט מיט זיינע טאַלמידים. די ווענט זיינען קויטיק, באַדעקט מיט שפּינוועבס. אינמיטן א לאַנגער טיש מיט א צעקריצטער דעק. פון ביידע זייטן טיש צוויי לאַנגע בענק. בא איין באַנק — אנשטאָט פיס — אונטערגעלייגטע ציגל. רעכטס אן אלטע סאָפע. לינקס — בא דער וואַנט א קאַסטן פאַר מאַלבו־שים, איבער וועלכן עס הענגט א פּאָליצע מיט פאַרשטויבטע ספאָרים, א פּאָר מעשענע לייכטער און א סלוי מיט איינגעמאַכטס. לינקס א טיר אין קיך. רעכטס — א טיר צום פּאָדערהויז, צום ארויסגאַנג. אַקעגן צושויער אַ פּאָר פענסטער אינדרויסן ארויס, צווישן זיי הענגט אַן אלטער פּאָרטרעט פון א צאַדיק. קווער אי־בערן צימער איז דורכגעצויגן א שטריקל מיט גרעט צום טריקע־נען. ווען ס׳הויבט זיך אויף דער פאָרהאַנג, זיצט דער מעלאַ־מעד באַם טיש אליין, קוקט אריין אין א סייפער און מורמלט עפּעס).

מעלאַמעד: (הויבט אויף דעם קאָפּ פון סייפער און רופט אויסגעצויגן). צי־פּע! (העכער) צי־פּע! (נאָך העכער) צי — פּע!

ציפּע: (לויפט אריין מיט א פּאָלאָנעק אין די הענט, רעדט מיט אַ קוויטשעקל) וואָס איז דאָרט? וואָס כאַפּט דיך דער רועך אוועק?

מעלאַמעד: וויפל האַלט דער זייגער?

ציפּע: דאָס איז גאָר?! פונוואַנען זאָל איך וויסן — כ׳האָב א זייגער? (גיט זיך א כאַפּ) שאַ!.. כ׳האָב גאָר פאַרגעסן. פריער

מיט אַ פּאָר שאָ איז געווען באַ מיר סאָרע-גיטל, די ליכטציערן האָט זי געזאָגט, אַז עס דאַרף זיין אַרום צוועלף; נו, מוז זיין איצט א זייגער צוויי.

מעלאמעד: (גיט זיך א כאַפּ און מיט דער האַנט א קלאַפּ איבערן טיש) וואָס? שוין צוויי א זייגער?! ציפּע! כ׳בין פאַרפאַלן!

ציפּע: (צולויפנדיק צום מאַן) וואָס איז, שמועל-לייזער?

מעלאמעד: (פאַרמאַכט דעם סייפער און שטייט אויף פון אָרט) פרעג גאָרניט, ציפּע, פרעג ניט — ס׳איז פאַרפאַלן היינט מיין מערכעך. כ׳בין דאָך שוין פיר כאַדאָשים אין באָד ניט געווען און דאָ איז שוין צוויי אַזייגער און קיינער פון זיי איז נאָך ניט געקומען לערנען.

ציפּע: אַזוי איז דאָס פינסטערע מאַזל, די ביטערע פאַרנאָסע (זי פאַרעט זיך באַם אויפגעהאנגענעם גרעט).

מעלאמעד: (הויבט אָן אַרומגיין איבערן שטוב) יאָ, ס׳איז גאָר קיין וועלט ניט, עך, עך, ניטאָ אַמאָליקע צייטן! זיין אין גאָלעס באַ טאַלמידים גאר... זיי גייען אין די שקאָלעס, נעמען זיך אָן מיט קאָלערעליי קרענק, שמאַטעמאַטקעס, כרעסטאָמאַטעס. און ערשט נאָך די אַלע לערנעכצן קומען זיי מיט זייערע טרייפענע ליפּן לערנען דעם הייליקן כומעש.

ציפּע: אַי, דו נאַר, דו זאָגסט דאָך אַליין אַז ס׳איז מאָשיעכס צייטן; ס׳ווייזט אויס, שמועל-לייזער, אַז אונז איז טאַקע באַשערט אים צוזען אַפן ווייסן פערד.

מעלאמעד: עמעס, מאָשיעכס-צייטן... אָבער פרעג זיי, די קוימעניסטן, זאָגן זיי, אַז מאָשיעך איז שוין געקומען און ניט אַף אַ ווייסן פערד, נאָר אַף א רויטן. ווי געפעלט דיר, ציפּע, א פיינער מאָשיעך אַף זיי!

ציפּע: די ליוועראַציע מיינען זיי.

מעלאמעד: יאָ, די ליוועראַציע... אַ פיינער מאָשיעך... (זעצט זיך אַפן באַנק) ווי מיינסטו, ווען מאָשיעך זאָל קומען,

וואָלט איך טאַקע געלעגן אַזוי טיף אין דר'ערד? עפּעס אַ קלײי־ניקײט, שמואל־לײזער דער מעלאַמעד! (װײזט אױף זיך) צװישן װיפל אידישע קינדער האָב איך פאַרשפּרײט די טוירע, װיפל קינדער האָב איך געמאַכט פאַר אידן.

ציפּע: טאַקע ניט אומזיסט האָסטו דאָך באַקומען מערידן.

מעלאַמעד: און איצט, מ'שטײנס געזאָגט, איז אפילע האַלטן אַ שטיקל כײדער פון צען קינדער לאָזט מען ניט. כ'רײד שױן ניט פון האַלטן אַ כײדער מיט באַהעלפערס, װי אַמאָל,

ציפּע: װאָדען, באַהעלפערס פעלט דיר נאָך: מע װאָלט דאָך באַלד געקומען מאָנען צאָצטראַך.

מעלאַמעד: עך, ציפּע־לעבן, ניטאָ יענע צײטן... (צעהוסט זיך).

ציפּע: װײזט אױס, אַז אונזער טוירע איז געװאָרן די ערגסטע סכוירע... (זי לאָזט זיך גײן צו דער קיך).

מעלאַמעד: (שטײט אױף פון אָרט און טוט אַ שפּאַן נאָך ציפּען) װאַרט נאָר! (ציפּע בלײבט שטײן) זאָג מיר נאָר, ציפּע, װאָס איז דאָס קינד? פאַרװאָס זעט מען ניט פרײדקען אין די אױגן פון אינדערפרי־אָן? די לעצטע צײט װערט זי עפּעס אױף גאַנצע טעג פאַרפאַלן.

ציפּע: מאָלע, װאָס אַ קינד קאָן זײן, מיסטאָם באַ אַ כאַװערטע.

מעלאַמעד: באַ אַ כאַװערטע, זאָגסטו: װער איז די כאַװערטע, פאַרװאָס זאָלסטו ניט װיסן?

ציפּע: אַ נױטיקע זאַך! (זי גײט אַרום מיטן פאָלאָנעק און נעמט אַראָפּ דאָס שפּינװעבס פון די װענט).

מעלאַמעד: װאָס הײסט, אַ נױטיקע זאַך! איך פאַרשטײ ניט, ביסט אַ מאַמע, צי נײן? האָסטו געהערט, אַ מאַמע זאָל ניט װיסן, מיט װעמען איר קינד באַגעגנט זיך און נאָך הײנטיקע צײטן! עפּשער באַגעגנט זי זיך גאָר מיט יענע שײדים...

ציפע: (בערויגעזדיק) וואָסערע שיידים? וואָסערע רוכעס? וואָס נאָך וועסטו אויסטראַכטן אף אונזער פריידקען? אָדער זי איז באַ אַ כאַוועריטע, אָדער זי גייט אַריין צו מיין צאַליען, דאָרטן שפּילט זי זיך מיט ריווקעלען.

מעלאמעד: (מאַכט מיטן פינגער) אָט, אָט, טאַקע דאָס אַריינגיין צו צאַליען געפעלט מיר גאָרניט.

ציפע: (פאַרלייגט די הענט און דרייט מיטן קאָפּ) וואָס איז? עס שטייט דיר ניט אָן דער ייכעס? אַ באַלמעלאָשקע, אַ?

מעלאמעד: מיילע, דאָס בין איך דיר דערוויילע מויכל, אָבער זיין טעכטערל ריווקע שמועסט מען...

ציפע: (שלאָגט איבער) וואָס שמועסט מען, וואָס? וואָס באַלעמעטשעסטו?

מעלאמעד: (אָנכאפּנדיק ציפּען באַם פּאָלאָנעק) וואָס האקסטו איבער די רייד? לאָז מיך אויסריידן. מ'זאָגט אַז זי גייט צו די ניט־גוטע... צו די... ווי רופט מען זיי דאָרט? (האלט זיך באַם שטערן).

ציפע: צו די פּיאָנערן מייגסטו?

מעלאמעד: אָ! אָ!

ציפע: ווייס'עך וואָס? מאלע, וואָס בייזע צינגער קאָנען זאָגן.

מעלאמעד: ניין, ציפּע, ווער ס'וועט מיר זאָגן, אָבער על־קאָנען גלויב איך.

(ס'דערהערט זיך א טופען פון פיס און א רוף הינטער די קוליסן: „שמועל־לייזער, איר גייט?").

מעלאמעד: (ער לאָזט זיך צו דער טיר) ווער איז דאָרט? (צו ציפּען) אָט איז דאָ על־קאָנע! (ער רופט) קומט אריין, על־קאָנע!

(ס'גייט אריין עלקאָנע: אַ איד מיט אַ באָרד אין אן אַלטן צערי־סענעם מאַנטל, פאַרוואָרפן אַף די אַקסל; ער טראָגט א בעזימל אין איין האַנט, אין דער צווייטער אַ בינטל וועש. ער גריסט זיך מיט ציפּען, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ).

ציפע: (צו עלקאָנען) מ׳האָט אייך נאָרוואָס דערמאַנט. ס׳האָט זיך אייך ניט געשלוקערצט:

עלקאָנע: וואָס איז עפּעס?

מעלאמעד: מיר ריידן דאָ פון צאליעס טעכטערל. דער-ציילט איר אַליין ציפען, וואָס איר האָט מיר איבערגעגעבן.

ציפע: אַנו, לאָמיך הערן. (זי זעצט זיך צו אַפן קאַסטן).

עלקאָנע: כ׳בין אַנומלטן געגאַן צום גאַלעך קויפן גענז בין איך דורכגעגאַן דעם גרינעם פּלאַץ, דערזע איך ווי ריווקעלע שטייט דאָרט צווישן די רויטע פּאַטשיילעס און רעדט עפּעס מיט איינעם. און אָט גיט זי זיך אַ לאָז צו אַ נאָענטן סטויפּ און הויבט אָן קריכן אַף אים מיט אַלע פיר. (ער ווייזט מיט די הענט, ווי אזוי. ציפּע שטייט אין פאַרלעגנהייט).

מעלאמעד: (צו ציפען) נו, ציפע, דו הערסט? ווי געפעלט דיר אזא ניט-גוטע?

עלקאָנע: נו, נו, אַ מיידל זאָל קריכן!

מעלאמעד: זי וועט דאָך שיין גיך וועלן אַ פּאָר הויזן.

ציפע: (אויפשטייענדיק פונם אָרט) הויזן זאָגסטו? אַ נייעס! כ׳בין נעכטן דורכגעגאַן דעם שליאך, האָב איך אַליין געזען, ווי ס׳זיינען געגאַן עפּשער אַ דרייסיק מיידלעך אין בלאָווע מייטקעס.

מעלאמעד: (גיט זיך אַ כאַפּ) וואָס? אין בלאָווע מייטקעס?! האָסט אַליין געזען? (שנייצט די נאָז און ווישט זיך מיט דערקאַפּאָטע).

עלקאָנע: (קראַצט זיך אין דער פּאַטילעצע) אַי-אַי-אַי! (ער נעמט זיך איבערבינדן ס׳בעזימל).

מעלאמעד: (צו ציפען) נו, פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס ס׳געפעלט מיר ניט פריידקעס אַריינגיין צו דיין בראַטינעק?

ציפע: ווייס׳עד וואס. צו אונזער פריידקען וועט זיך כאָלי-לע גאָרניט צוקלעפּן; זי איז דאָך אונזער טעכטערל, מיר זאָל זיין פּאַר איר. זי זאָגט דאָך אלע אינדערפרי מיט מיר מודע: „איך וועל טאָן, וואָס מיין טאַטע הייסט, און מיין מאַמע הייסט, און וואָס אַלע גוטע פרומע לייט הייסן מיר צום גוטן טאָן”.

מעלאמעד: (מיט א זיפץ) כ'ווייס... האַלעוואַי...

ציפּע: (זי גיט אַקוק צו דער קיך־טיר און גיט זיך אַ כאַפּ מיטביידע הענט פּאַרן קאָפּ) גוואַלד, שמועל־לייזער, זי גייט!

מעלאמעד: } (איבערגעשראָקן) ווער גייט?
עלקאָנע: }

ציפּע: די קאַץ צום פּריפּעטשיק! (אַרויס אין קיך).

עלקאָנע: טפו! (שפּייט אויס).

מעלאמעד: זי האָט דאָך מיך איבערגעשראָקן אַף טויט. (האַלט זיך צו באַם האַרצן).

עלקאָנע: (גייט צו צום מעלאמעד און נעמט אים פאַרן האַנט) נו, קומט אין מערכעץ. (ווייזט דאָס בעזעמל) איר זעט אַ בעזעמל האָט מיר געבראַכט אַ קאַפּאַרעניק! (גיט אַ פּאָך אין דער לופט מיטן בעזימל) עך, שמועל־לייזער, וועל איך אייך היינט צעפּאַרן דיביינדלעך, פרעגט שוין גאָרניט!

מעלאמעד: יאָ, גוט, אָבער ווי קאָן איך גיין, אז מיינע טאַלמידים — דער רועך זאָל זיי כאַפּן, זיינען נאָך אַפילע לערנען ניט געקומען!

עלקאָנע: אייערע טאַלמידים האָב איך געזען זיך שפּילן, דאָרט אין גאַס. ווייזט אויס, שמועל־לייזער, אַז איר פאַנקעוועט זיי.

מעלאמעד: (מיט אַ זיפץ) עך, עלקאָנע, ס'איז היינט גאָר קיין קינדער ניט. איך באַגעגן היינטיקע וואָך צו מינכע אַוורעמ־לען און זאָג אים: „אייער צאָני קומט ניט צו דער צייט אין כיידער"...

עלקאָנע: אַ, צאָנילע, דער עמעסער סעגנעט...

מעלאמעד: „עפּעס בריקעוועט ער זיך, זאָג איך אַוורעמ־לען, באַם אויסכאַזערן אַ פּאַרשע כומעש. זעט נאָר דאָרטן אים עפּעס אַ זאָג טאָן. — ענטפערט אַוורעמל: נע טשעפּאַי ליכע, בודע טיכע. הויבט מיט אים ניט אָן, ווייל ער טאַינעט מיט מיר, אַז ער וויל שוין איינגאַנצן ניט גיין אין כיידער. ס'איז אַלציינס אויס מאָדע.

עלקאָנע: (שאָקלט מיטן קאָפּ) יימאך שמאָם וועזיכראם.

מעלאמעד: נו, עלקאנע, פרעג איך אייך, איז דאָס א וועלט.

עלקאנע: און ווער איז אין דעם אלעמען שולדיק, מיינט איר?

מעלאַמעד: (מאַכט מיטן פויסט) די קוימעניסטן — אויס־געריסן זאָלן זיי ווערן! (זיפצט) עך, עך!

עלקאנע: יא, זיי זיינען געקומען אף אונזער קאָפּ (צום מעלאמעד) נו, הייסט עס, גייט איר ניט אין באָד? (דער מעלאַמעד שאָקלט מיטן קאָפּ אף ניין) האט־זשע מיר א גוטן טאָג! (אַרויס).

(דער מעלאמעד גייט צו צום טיש און זעצט זיך צום סייפער. הויבט אָן לייענען עפּעס מיט א ניגן. מאַכמעס נערוועזקייט בייט זיך באַ אים די שטימע, אָט העכער, אָט נידעריקער. פּלוצלינג גיט ער מיטאַמאָל אַ פארמאַך דעם סייפער, הויבט אָן אַרומגיין איבערן שטוב הין און צוריק און שטעלט זיך אָפּ).

מעלאמעד: (מיט א זיפץ) נו, טאַלמידים אף מיין קאָפּ! פּאַרנאָסע — קאַדאָכעס, נאָר א האַרץ־צעפּוקעניש! (ער גייט צו צו דער שאַלעווקע פון טיר און טשוכעט זיך מיט די פּלייצעס) אַך, אַ מערכעץ, א מערכעץ. (רופט) ציפּע! ציפּע!

ציפּע: (פון קיך) וואָס דרייסטו שוין ווידער א ספּאָדעק? כ׳האב קיין צייט ניט.

מעלאַמעד: א וויכטיקע זאַך! איידער די מעשומאָדים קומען אָן.

ציפּע: (לויפט אריין מיטן בעזים) וואָס איז?

מעלאמעד: כ׳האב דיר פאַרגעסן דערציילן. אין שטאָט שמועסט מען, אַז די טרייפניאַקעס קלייבן זיך די טעג מאַכן אַן אָבלאַווע אַף כאַדאָרים. עפּעס זאָגט מיר מיין האַרץ, ס׳זאָל זיך עפּעס היינט ניט טרעפן.

ציפּע: (גיט זיך א כאַפּ) גוט, וואָס דו האָסט מיך דער־מאנט. וואַרט נאָר! (לויפט ארויס אין קיך).

מעלאַמעד: (קוקט נאָך) וואוהין? נאָך וואָס?
(ציפּע קערט זיך באַלד אום, טראָגט אין איין האַנט אַ פּאָרטרעט מיט אַ שטיקל פּאַפּ).

ציפּע: (זי צעוויקלט דעם פּאָרטרעט, אַף וועלכן ס׳איז אָנגעמאָלט אַ רויטאַרמייער) זעסט אָט דעם־אָ, קער ער זיך אָן מיט „אים״, ער איז „זיינס״ אַ פריינטל.

מעלאַמעד: ווּעמעס פריינטל? ווער? וואָס?

ציפּע: נו, זיינס, דעם גלאַוונע מאַכערס פון די קוימעניסטן. וועלן מיר אָנקלעפּן אָ דעם קאָרעוו אַף דער צווייטער זייט פון רעבּ קלוימענים. און ווייסטו וואָס, שמועל־לייזער, ס׳וועט זיין דאַן?

מעלאַמעד: וואָס?

ציפּע: וויש זיך אָפּ די נאָז. (ערווישט זיך די נאָז) טאָמער — די שאָ זאָל ניט זיין — עס קומען אָן יענע לייט זוכן, וועלן מיר די טאַלמידים פּאַרטאַכליעווען ערגעץ. די קאַרטע, וואָס הענגט אַף דער וואַנט, וועלן מיר איבערדרייען אַף דער לינקער זייט מיט אָט דעם קאָרעוו פונפאָרנט... נו, ווי געפעלט דיר ציפּעס אויפטו? (זי נעמט אַראָפּ דעם פּאָרטרעט און קלעפּט אָן אַף דער צווייטער זייט דעם רויטאַרמייער).

מעלאַמעד: אוי, ציפּע, דו האָסט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער!

מעלאַמעד (אָפּגייענדיק פון פענסטער): ציפּע, זיי גייען!.. גיכער!.. (ער הויבט אָן ארומגיין איבערן שטוב).

ציפּע (הענגט אויף דעם פּאָרטרעט אין איילעניש און לויפט צו דער קיך): געדיינק־זשע, וואָס כ׳האָב דיר אָנגעזאָגט! (אַרויס). (דער מעלאַמעד גייט צו צום וואַנט, נעמט אַראָפּ דעם רימען פון צוויאַק, באַטראַכט אים און הענגט אים צוריק אויף. ער זעצט זיך צום טיש מיט אַ שטרענגער מינע. דערהערט זיך אַ רויש פון פּאָדערהויז און אויסגעשרייען: — כ׳וועל דערציילן דעם רעבּן! — באַראַבּאָליע, געדענק! — גיי דו אַריין דער ערשטער! — פאַרוואָס עפּעס איך? — איך דער דריטער! — ניין, איך דער דריטער!).

מ ע ל א מ ע ד (מיט אַ רעווע): מאַמזיירים, אַריינט! וואָס דינגט איר זיך דאָרט!

(ס׳גיט זיך אַן עפן די טיר און ס׳שיטן זיך אַריין אַ פינף יאַטן: אַלע מיט אויפגעפלאמטע בעקלעך ווי נאָך אַ שפּיל; אייניקע טראָגן ביכלעך מיט העפטן אונטער די פאַכוועס; אַנדערע שטעקלעך; באַ איינע שטייען אָפּ די קעשענעס פון פילקעס. אַלע צום רעבן: „גוט מאָרגן! גוט מאָרגן!״).

מ ע ל אַ מ ע ד (בייז): אַ פיינער „גוט מאָרגן״ אַף אייך! (ער גיט אַ טופּע מיטן פוס) וואו זייט איר געווען ביז איצט? איר האָט פאַרגעסן, אַז ס׳איז היינט פרייטיק! (אַלע בלייבן שטיין דער־שראָקן, קוקן זיך איבער. דער מעלאַמעד לאָזט זיך צו זיי און זוכט אין די הענט, אין די קעשענעס) אַ־אַ! פּילקעס... שטעק־לעך... געשפּילט זיך... (ער נעמט באַ זיי צו די פּילקעס און שטעקלעך. זיי ווייזן אַרויס אַ ווידערשטאַנד).

מ ו י ש ל: ס׳איז ניט מיינע!

ע ל י ק: איך האָב אים אַנטליען באַ איציקן!

א י צ י ק: איך האָב אים אַנטליען באַ צאַנין! (דער מעלאַמעד נעמט אָפּ אַלע שפּילעכלען).

מ ע ל א מ ע ד (מיט אַ היק): מאַמזיירים! צום טיש! (די טאַל־מידים לאָזן זיך צום טיש. ס׳ווערט שטיל. דער מעלאַמעד מאָלע־רעציכע גייט צו צו דער פאָליצע, שלעפּט פון דאָרטן כומאשים, בורטשנדיק דערביי אונטער דער נאָז) א צעפּוקעניש, ניט קיין טאַלמידים (ער טרייסלט די ספאָרים און לייגט זיי אַפן טיש, ס׳ווערט אַ שטויב, ער פאַרהוסט זיך) קכע!.. קכע!.. קכע!.. (ער קריגט אַ שמאַטע און פאַרהענגט די פענסטער ביז האַלב).

צ אָ נ י: רעבע, מ׳וועט ניט זען ווי צו לערנען.

מ ע ל אַ מ ע ד: נישקאָשע, איר האָט געזונטע באָלעכעס. (פאָרענ־דיק זיך באַם פענסטער) קינדער, איר האָט גאָרניט געהערט אין גאַס?

ע ל י ק: וואָס געהערט?

מעלאַמעד: כ׳ווייס... וועגן מעלאַמדים... כאַדאָרים נו, איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

מייערל: איך האָב גאָרניט געהערט.

איציק: איך אויך ניט. (עס שאַרן זיך אריין אין כיידער שטילערהייט אַ פּאָר טאַלמידים און זעצן זיך בּאַם עק טיש).

מעלאַמעד: (טראכט א ווײַלע) קינדער, איר הערט? מיר דאַרפן זיין גרייט.

איציק: (טוט א הויב די האַנט ווי אַ פּיאָנער) שטענדיק גרייט... (שטילער) צו אנטלויפן אהיים.

מעלאַמעד: אַבּי איר׳ט נאָר עפּעס דערהערן, זאָלט איר ארונטער אונטער די בענק און טיש און שאַ!.. איר הערט?

טאַלמידים: מיר הערן.

צאָני: (אין א זייט) האַלעוואַי, וואָס גיכער, בין איך שוין ניט קיין היגער.

מעלאַמעד; (זעצט זיך צום טיש און טוט אָן די ברילן) נו, איצט מישט אויף מעצוירע, פאַרשע שייני, וועלן מיר איבער־כאַזערן די פאַרשע כומעש און מאַיוועד זיין די סעדרע. (אַלע עפענען די כומאָשים אָן כיישעק, דער מעלאַמעד טייטלט מיטן טייטל) זאָגט! וועלאָקאַך און ער וועט נעמען.

אַלע (זאָגן נאָך) וועלאָקאַך און ער וועט נעמען.

מעלאַמעד: האַקויהען דער קויהען.

אַלע: האַקויהען דער קוהען.

מעלאַמעד; מידאַם פונם בלוט.

אַלע: (שאָקלען זיך) מידאַם פונם בלוט.

מעלאַמעד: העאָשאָם דער אָשאם.

איציק: רעבע, וואָס איז דער טייטש אָשאם?

מוישל: וואָס איז דאָס? אַזאַ פליגעלע צי א וואָרעם?

מעלאַמעד: (מיט געשריי) איך האָב אייך וויפל מאָל גע־זאָגט, אַז אשאָם איז אַזאַ קאָרבן! א גאַנצע וואָך כאַזערט מען, און ערשט ווייסט מען ניט!

עליק: רעבע, וואָס הייסט א קאָרבן?

מעלאַמעד: (גיט מיט קאַעס אַ זעץ אין טיש) ביז וואַנען וועט איר פאַרגעבן קאַשעס?.. ווייטער גייט, ווענאָסאַן און ער וועט געבן.

אַלע: ווענאסאַן און ער וועט געבן.

(ס׳עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין פריידקע מיט א צווייגל אין דער האַנט, אַ פריילעכע, זינגט זי אונטער און אזועק מיט א שפרונג אין קיך — דער מעלאַמעד כאַפט נאָך איר אַ קוק).

מעלאַמעד: ווייטער, אַל טנוך אַפּן לעפל.

אַלע: אַל טנוך אַפּן לעפל.

מעלאַמעד: האָאויזען פונם אויער.

אַלע: האָאויזען פונם אויער.

מייער: וואָס פונם אויער?

מעלאַמעד: (שטייט אויף פון ארט) גאָיעץ! וועלאקאך און ער וועט נעמען, האקויהען דער קויהען, מידאם פונם בלוט, העאָשאם פונם אָשאָם, ווענאָסאַן און ער וועט געבן, אַל טנוך האאויזן אַפּן לעפל פון אויער. פאַרשטייסטו שוין?

איציק: ווער וועט געבן און וואָס וועט געבן?

מעלאַמעד: דער קויהען וועט געבן דאָס בלוט אַפּן לעפל פון אויער.

צאָני: אַף וואָס דאַרף מען ס׳בלוט אַפּן לעפל פון אויער.

מעלאַמעד: (גייט צו צו צאָנין און הויבט אים אָן ציען דעם אויער) ווייסט שוין אף וואָס?

צאָני: (שרייט), אוי, מיין אויער! (צעוויינט זיך) וואָס שלאָגט איר, כ׳וועל מער ניט גיין אין כיידער... נו... נו... (אַלע זיצן איבערגעשראָקן. דער מעלאַמעד ווישט זיך מיטן רויטן נאָז-טיכל דעם שטערן. ס׳לויפט אריין פריידקע, זי מאַכט זיך קלאָמערשט, ווי זי זוכט עפּעס אונטער דער סאפע און קוקט מיט מיטגעפיל צו מייערלען).

מ ע ל אַ מ ע ד : (צו פריידקען, דערזעענדיק זי) וואָס זוכסטו דאָרט? וואו ביסטו געוועזן ביז איצט?

פ ר יי ד ק ע : כ'האָב געשפּאַצירט מיט ריווקעלען.

מ ו י ש ל : רעבע, כ'האָב זי געזען שטיין בּאַם קלוב מיט פּיאָנערן.

מ ע ל אַ מ ע ד : (מיט א בייזן קוק) אַזוי גאָר? האָסט זיך צונויפ־געסקאָמפּאַניעט מיט ריווקעלען און גייסט שוין צו די אויסוואורפן? (אַלע טאַלמידים קוקן בּייז אַף מוישלען אייניקע שרייען: „מאָסער!")

פ ר יי ד ק ע; וואָס איז? איך טאָר ניט פאַרבּרענגען מיט ריווקעלען? זי איז מיין בעסטע כאַווערטע, כ'האָב זי ליב דערפאַר, וואָס זי איז א...

מ ע ל אַ מ ע ד : (האקט איבּער) א שמיאָנערקע, עפשער ווילסטו זאָגן?

פ ר יי ד ק ע : וואָס ־ זשע איז, טאַטע, אַז זי איז אַ פּיאָנערקע? זי לערנט מיך שרייבּן און נעמט מיך אמאָל מיט אין קינאָ. דער בעסטער כאַווער איז א פּיאָנער!

מ ע ל אַ מ ע ד : (מיט געשריי) וואָס?! (לאָזט זיך צו איר מיטן פויסט) וואָס זאָגסטו?! פריידקע, כ'וועל דיך...

פ ר יי ד ק ע : (דרייסט) ווילסט שלאָגן? שלאָג!

מ ע ל אַ מ ע ד : (באַרואיקט זיך) לאָז מען מיר נאָכאַמאָל דער־ציילן, אַז דו באַגעגנסט זיך מיט זיי... (פּלוצלינג גיט איציקל אַ לייג צונויף די הענט לעבּן מויל און גיט א געשריי: „קו־קו־רע־קו!" דער מעלאַמעד גיט זיך א כאַפּ מיט געשריי) וואָס איז דאָס? ווער האָט א קריי געטאָן!

א י צ י ק : רעבע, אַ האָן אין פּאָדערהויז.

מ ע ל אַ מ ע ד : (שרייט) וואָסער האָן? (לויפט צו צו עליקן מיט קאַס) ס'איז דו, מעשומעד!

ע ל י ק : רעבע, ס'איז ניט איך... כ'ווייס ניט...

מ ע ל אַ מ ע ד : ווער דען? זאָג, גיכער, (דראָט מיטן פויסט) ווייל אָט...

(פריידקע, אומבאַמערקטערהייט, לויפט צו צו דער וואַנט, כאַפּט אַראָפּ דעם רימען און גיט אים א שליידער אונטערן סאפע).

מעלאַמעד: אַזוי גאָר! (לויפט נעמען דעם רימען, שרייט) וואו איז דער רימען? דער רימען! (לויפט צו צו איציקן, גיט אים אַ שלעפּ ארויס פונהינטערן טיש. די טאַלמידים זיצן צעטומלט).

עליק: (שטאַמלט) ס'איז ניט איך... אין פּאָדערהויז... אַ האָן... ס'איז... איציק.

איציק: (מיט געוויין) ס'איז ניט איך... (ער ווייזט ארויס אַ ווידערשטאַנד).

(דער מעלאַמעד שלעפּט אַראָפּ א שקראַב פונם פוס, לייגט אוועק איציקן אַפן באַנק און שלאָגט אים מיטן שקראַב. איציק שרייט: „גוואַלד! גוואַלד!" פריידקע לאָזט זיך צום פּאָטער, ווי זי וויל אים עפּעס זאָגן. ציפּע לויפט אַריין פון קיך).

ציפּע: (לויפט צו צום מעלאַמעד) שמועל-לייזער, גאָט איז מיט דיר! ער וועט אונז אומגליקלעך מאַכן... מע וועט זיך באַלד אהער צונויפלויפן אַפן בייז-וואונדער! (דער מעלאַמעד לאָזט אָפּ איציקן און, פארהוסטנדיק זיך, גייט מיט ציפּען אוועק אין קיך. איציק וויינט).

פריידקע: (גייט צו צו איציקן און באַרואיקט אים) שאַ, איציקל, וויין ניט. (זי נעמט אַרויס א רויטן בלייער פון קעשענע און גיט אים) שאַ, שאַ.

מייערל: (צו פריידקען) פאַרוואָס מוטשעט אונז אַזוי דיין טאַטע? זאָג, דו גייסט דאָך צו די פּיאָ... (פריידקע מאַכט מיט דער האַנט — שאַ! אָנווייזנדיק אַף דער קיך-טיר).

פריידקע: דערפאַר ווייל מיין טאַטע איז אַ בייזער.

איציק: (מיט געוויין) ניט קיין בייזער — אַ מערדער.

פריידקע: (גייט צו צו די קינדער און זאָגט זיי בעסאָד) איר וועט מיך ניט אויסגעבן, וועל איך אייך געבן אַן אייצע, וועט אייך דער טאַטע צעלאָזן אהיים.

אַלע: (שטיל) וואָס? וואָס?

פריידקע: (קוקט זיך פאָרזיכטיק אַרום) זאָל איינער פון אייך זאָגן מיין טאַטן, אַז ער וויל אַרויסגיין אין דרויסן... און

ווען דער טאַטע וועט דערלויבן. וועט דער איינער ארויסגיין און באַלד אריינלויפן צוריק מיט אַ געשריי: „רעבע, מע גייט זוכן!״ וועט ער אייך באַלד צעלאָזן. פאַרשטאַנען?

אַלע: פאַרשטאַנען.

מ ײ ע ר ל: און טאָמער וועט ער ניט אַרויסלאָזן?

פ ר ײ ד ק ע: וועל איך שוין אַליין דאָס טאָן.

(עס דערהערן זיך טריט פון קיך. אַלע צעזעצן זיך רואיק. פריידקע שטייט און פארעט זיך באַם גרעט. ס׳גייט אריין דער מעלאַמעד).

ע ל י ק: רעבע, כ׳וויל ארויס...

מ ע ל אַ מ ע ד: זיך איין געהאַקטע וואונדן! (פריידקע גיט א גיי ארויס און קומט באַלד צוריק).

פ ר ײ ד ק ע: (מאַכנדיק א דערשראָקן פאָנים) טאַטע, מע גייט!..

מ ע ל אַ מ ע ד: (צעטומלט) ווער גייט? (שרייט) ציפּע, מע גייט!.. (צו די טאַלמידים) באַהאַלט זיך אונטער די בענק!

פ ר ײ ד ק ע: אונטער די בענק וועט מען זיי דערזען. שיק זיי אהיים דורך דער הינטערטיר.

מ ע ל אַ מ ע ד; (צו פריידקען) ניט דיין אייסעק! (צעמישט) באַהאַלט זיך אויך!

צ י פּ ע; (אריינלויפנדיק מיט א לאָפּעטע פון קיך) א שלאַק איז צו מיר! שמועל-לייזער!

(די טאַלמידים קריכן זיך באַהאַלטן אונטער די בענק. ציפּע לויפט צו צו דער וואַנט, דרייט אויס דעם פּאָרטרעט מיטן רויטאַרמייער פונפאָרנט! דער מעלאַמעד אין איילעניש טוט אויס די קאַפּאָטע, הענגט אויף די יאַרמעלקע אַפן צוויאָק, וואו ס׳הענגט דער רויטאַרמייער. פריידקע שפּרינגט ווילד פון איין באַנק אַף דער אנדערער, מאַכט זיך קלאמערשט, ווי זי זוכט אַן ארט אַף באַהאַלטן זיך; דערביי מאַכט זי קאָמישע שטיק, צום סאָף קריכט זי אונטער ציפּעס פאַרטעך. אין אזאַ פּאָזע בלייבט שטיין דער מעלאַ-

מעד מיט זיין ווייב. פון אונטער פאַרטעך קוקט ארויס פריידקעס קעפּל זי שמייכלט מאַמזעריש. די טאַלמידים אונטער די בענק שטיקן זיך פאַר געלעכטער און וואַרפן זיך איבער מיט ווערטער).

מעלאַמעד: (צו די טאַלמידים) ליגט שטיל! קיין פּיפּס זאָל מען פון אייך ניט הערן! (ס׳גיט זיך אַן עפן דיר און ס׳גייט אַריין א שכיינע).

שכיינע: רעב שמועל־לייזער, וואָס טוט זיך דאָ?

מעלאַמעד: / ציפּע: קיינער גייט ניט אַכוץ אייך?

שכיינע: קיינער ניט.

פריידקע: (שעלמיש) און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז מע גייט זוכן... (אַרויס אין קיך).

מעלאַמעד: (שפּייט אויס) טפו, אַזאַ איבערשרעק.

שכיינע: וואָס איז?

ציפּע: (נעמט די שכיינע פאַר דער האַנט) קומט אין קיך, וועל איך אים דערציילן. (זיי גייען אַרויס, די טאַלמידים לאַכן אונטער די בענק).

מעלאַמעד: (איבערטועענדיק זיך) וואָס קוואָליעט איר, מאַמזיירים? קריכט ארויס! ס׳איז גאָרניט.

(די טאַלמידים קריכן ארויס און זעצן זיך צום טיש) נו, איצט וועלן מיר מאַיווער זיין די סעדרע. (ער זעצט זיך צום טיש) קוקט אַריין! זאָגט! (מיט אַ ניגן) מאַהאַפאַך פאַשטאָ זאָקייף קאָטוין — וועטאָוואַל האַקויהען עס אעצבאאוי האימאָניס.

(ס׳דערהערט זיך פון דרויסן אַ פּיאָנערישער געזאַנג).

אַלע: (זאָגן נאָך, דערביי כאַפּן זיי אלע מאָל א קוק צום פענסטער) מאַהאַפאַף פאַשטאָ זאָקייף קאָטוין — וועטאוואל האַקויהען עס עצבאאוי האַימאָניס. (דער מעלאַמעד הויבט זיך אויף פון זיין אָרט און הויבט אָן אַרומגיין איבערן שטוב).

מעלאַמעד: נאָכאַמאָל (די טאַלמידים כאַזערן איבער. עס דערהערט זיך פון דרויסן א טרומייטעריי און א געזאַנג:

„Долой, долой монахов,
Раввинов и попов!
Полезем мы на небо —
Разгоним всех богов!“

אַלע, פאַרייסן די קעפּ צום פענסטער).

מעלאַמעד. וואוהין קוקט איר? גיכער! (איילט די קינדער, קעדיי צו פאַרטויבן ס'געזאַנג) מיירכא טיפכא מונאך עסנאכטאָ — וועהייזא האקויהען מידאם העאָשאָם.

טאַלמיד; מיירכאָ טיפכאָ מונאַך עסנאַכטאָ...

מיירל: (הויבט פלוצים אָן מאַיווער זיין די סעדרע מיטן ניגן פון: „Долой, долой монахов...“) מיירכע טיפּכאָ מונאַך, מונאַך עסנאַכטאָ.

מעלאַמעד: (לויפט צו צו מיירלען) וואָס זאָגסטו?! (עס דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין טיר, ער רופט) פריידקע! פריידקע, קום נאָר אריין!

פריידקע: (אריינלויפנדיק פון קיך) וואָס איז טאַטע?

מעלאַמעד: גיי נאָר זע, ווער קלאַפּט עס אין פאָדערהויז?

פריידקע: (לויפט ארויס און קומט באַלד צוריק) עפּעס אַ איד. (ס'קומט אַריין דער אידסעק — א מענטש אין מיטעלע יאָרן מיט א געשוירן בערדל).

אידסעק: (צום מעלאַמעד) א דאָ וואוינט שמועל-לייזער פעטרעשקע?

מעלאַמעד: יאָ. ווער איז א איד? (דערלאַנגט דעם אידסעק די האַנט) נאַט אייך אָפּ שאָלעם. זיצט (פריידקע לויפט אַרויס אין קיך).

אידסעק: (גיט די האַנט און זעצט זיך אַפן קאַסטן) איר ווייסט ניט, ווער איך בין? איך בין... (פאַרויכערט א פּאַפּיראָס) דער אידסעק...

מ ע ל אַ מ ע ד : (מיטאַמאָל) ציפּע, גוואַלד! מיר זיינען פאַר־פאַלן! (ער גיט זיך א זעץ אַוועק אַף דער צעבראָכענער באַנק און דרייט זיך איבער. ס'ווערט א טומל צווישן די טאַלמידים).

אַ טאַלמיד: אוי, דער רעבע כאַלעשט!

מ ו י ש ל : וואסער!.. וואַסער... (לויפט צום טיר, שרייט) רעבעצן! פריידקע! (ס'לויפט אַריין ציפּע מיט אַ קוואָרט וואַסער).

צ י פּ ע : (לויפט צו צום מעלאַמעד און טארעט אים) אַ שלאק האָט מיך געטראָפן! שמועל־לייזער!.. (זי שפּריצט אים מיט וואַסער. דער מעלאַמעד ווייזט מיט דער האַנט. אז ס'איז גאָר־ניט, הויבט זיך אויף און האַלט זיך באַ די זייטן. ס'לויפט אַריין פריידקע מיט אַ גלאָז וואַסער אין האנט).

פ ר יי ד ק ע : וואָס איז? ווער דאַרף וואסער?

צ י פּ ע : (צו פריידקען) גענוג וואַסער: מיר האָבן שוין אַ גאַנצע שוויצבאָד...

א י ד ס ע ק : אַ־אַ! איר קנעלט באַהאַלטענערהייט (נעמט אַרויס אַ פּאפּיר מיט אַ בלייער שרייבט) איר'ט קאַליעטשן קינ־דערשע מויכעס... (דערלאַנגט דעם מעלאַמעד דאָס פּאַפּיר) נו, כאַסמעט זיך אַפּן פראָטאָקאָל, אז כ'האָב באַ אייך געטראָפן אַ קיידער.

צ י פּ ע : וואָסער קיידער? ס'איז מיין פריידקעס כאַווירים...

מ ע ל אַ מ ע ד : קינדער פון גאַס... שכיינים... (פריידקע גייט אַוועק מיטן גלאָז אין אַ ווינקל, פאַרדרייט דעם קאָפּ).

א י צ י ק : (שרייט אויס) ניט עמעס! איך וואוין אַף דער נייער שטאָט.

מ יי ע ר ל : איך אויך! (דער מעלאמעד קוקט אַף זיי בייז).

א י ד ס ע ק : אַזוי? שכיינים... (גייט צו צום טיש און ווייזט אַף די אויפגעעפנטע כומאָשים) און דאָס וואָס איז? כאַסמעט! אַ ניט, אַרעסטיר איך אייך באַלד אפּן אָרט.

מ ע ל אַ מ ע ד : (שטאמלט) וואָסער קיידער... פאַרוואָס... איינגאנצן אַכט קינדער... ער כאַסמעט. (ציפּע פארברעכט די הענט).

אידסעק: (צו די טאַלמידים) נו, קינדער, אַהיים! (באַהאַלט דעם געכאַסמעטן פּראָטאָקאָל) זאָגט אייערע טאַטעס, זאָלן זיי שוין גיין אין כיידער און איר וועט גיין אין שול. (די טאַלמידים לויפן צו צום אָרט, וואו דער מעלאַמעד האָט אַוועקגעלייגט די פּילקעס מיט די שטעקלעך, פאַרנעמען זיי און לויפן אַרויס פון כיידער. דער אידסעק געזעגנט זיך) אַ גוטן! (אַרויס).

(דער מעלאמעד שטייט אַ ווײַלע. פּלוצלונג גיט ער אַ שפּרונג אויף פון אָרט)

מעלאַמעד: (מיט קאַס) נו, ציפּע! ווער איז אין דעם אַלעמען שולדיק? (ווײַזט אַף פריידקען) אירע לייט... (שרייט) זיי!.. זיי..! טרייפניאַקעס!.. ראַצכים!.. (ער גיט אַ לויף צו צו פריידקען און גיט זי אַ שלעפּ צו זיך. ס'פאַלט אַראָפּ דאָס גלאָז פון פריידקעס הענט און ווערט צעבראָכן. ער הויבט זי אָן שלאָגן און שרייט) נאַ דיר קוימעניסטן!.. נאַ דיר שמיאַנערן!.. נאַ... נאַ...

ציפּע: (לויפט צו צום מעלאַמעד און רייסט אים באַ די הענט) וואָס האָסטו צום קינד, מערדער? ווערסט דאָך איר אָפּשלאָגן די זייטן! (דער מעלאַמער שטופּט אָפּ ציפּען און שלאָגט ווייטער).

פריידקע: (מיט געוויין) שלאָג... שלאָג... (זי גיט זיך אַרייס אַרויס פונם מעלאַמעדס הענט און אַרויס פון שטוב. ציפּע בלייבט זיצן אַפן קאַסטן. דער מעלאַמעד פאַרהוסט זיך).

פאָרהאנג

## צווייטער אַקט

הינטערן פּאָרהאַנג — אַ געזאַנג:

שמיד, מיין האַמער, שמיד,
קאַלזמאַן איך בין נים מיד;
מים מעכטיקן געזאַנג
זאָל הילכן היינט דיין קלאַנג.

העכער, האַמער, פלינקער הויב זיך,
קרעפטיק פאַל אף הייסן שטאָל!
סערפּ, פּאַר נייע זאַנגען גרייט זיך,
זאָלן וויסן פעלד און טאָל!

ס'הויבט זיך אויף דער פּאַרהאַנג.

(אַ קוזניע. אינמיטן א קאוואַדלע, לינקס אַ האָרן מיט אַ בלאָזאַק. אַפּן וואַנט אקעגן העגגען פאַרשיידענע מאַכשירים: סערפּן, שינעס פון רעדער און אנדערע. אף דער ערד וואַלגערט זיך אייזנוואַרג און קוילן. באַ דער רעכטער וואַנט שטייען רעדער, אַ קעסעלע מיט וואַסער, האַמערס, צוואַנגען. רעכטס א טיר צום אַרויסגאַנג. לינקס — אַ טיר צום שמידס הויז. דער שמיד מיט זיין געהילף שטייען און שמידן, זיי פאַרענדיקן די ליד).

שמיד־זשע, האַמער, שמיד,
עס וואַקסט א נייע ליד,
א ליד פאַר גאָר דער וועלט,
מיט פרייד פון מי באַהעלט.

העכער, האַמער, פלינקער הויב זיך,
קרעפּטיק פאל אַף הייסן שטאָל!
סערפּ, פאַר נייע זאנגען גרייט זיך,
זאָלן וויסן פעלד און טאל!

(ווען עס ענדיקט זיך דאָס געזאנג, שטעלט דער שמיד אַוועק דעם האמער און גייט צו צו דער האָרנע. דער געהילף פּאָרעט זיך נאָך באַם סערפּ, וועלכן זיי האבן געשמידט).

צ א ל י ע: (צום געהילף) זעליק, דו געדענקסט ניט, ווען דאַרפן זיי קומען אָפּנעמען די ארבעט?

ז ע ל י ק: יאַקים מיט קירילען, מיינט איר? (צאליע מאַכט מיטן קאָפּ אף יאָ) וואַרט נאָר, דוכט זיך... (טראַכט א ווײַלע) יאָ, היינט, היינט קומען זיי.

צ א ל י ע: אַזוי, טאָ נעם־זשע, זיי מויכל, און פאַרקלאפּ די ניטן באַ די גראָב־אייזנס — זאָל פאַרטיק זיין די אַרבעט ביז זיי וועלן אָנקומען.

(זעליק נעמט דאָס, טוט ניט, ווי ס׳געהער צו זיין. צאליע גייט צו אים צו).

ז ע ל י ק: וואָס איז?

צ א ל י ע: (ווייזט, ווי אזוי מע טוט) ניט אזוי טוט מען וויפל מאָל איך וויַז דיר, און דו ווילסט ניט פארגעדענקען ברענג נאָר אַהער דעם עקבויער! (זעליק גייט אים זוכן).

ז ע ל י ק: (זוכנדיק) דוכט זיך, אַז מ׳האט אים פאַרשלעפּט שוין. מיסטאמע פריידקע. טאָמיד מאַיסטרעוועט זי. א מיידל — אַ רוכל. (ער געפינט דעם עקבויער און דערלאנגט אים צאליען).

צ א ל י ע: ניין, זעליק, טשעפּע זיך ניט צו מיין פלימעניצע.

ז ע ל י ק: איך וויים, אַז איר האלט פון איר בעסער, ווי פון אייער ריוועקלען,

צ א ל י ע: בעסער — ניט בעסער, נאָר ליב האב איך זי ווי אַן אייגן קינד. ס׳איז נאָר אַן אַווײרע, וואָס זי שטייט איין באַ אַזאַ

טאטן, א שלימאזל, ווי שמועל־לייזער פעטרעשקע. זעליק, ווען איך זאָל קאָנען, וואָלט איך זי איבערגעלאָזט בײַ מיר אַף שטענדיק.

זעליק: און זי וואָלט פאַרבליבן בײַ אייך?

צאליע; (לייגט אַוועק דעם עקבויער און גיט א נעם זעליקן פאַרן אַקסל) דו נאַר, יענע וואָך זיינען די עלטערן געקומען און געכאַלעשט פאַר איר, אז זי זאָל גיין צוריק אַהיים. מ׳האט איר צוגעזאָגט מי יוידייע וואָס, האט זי אַפילע הערן ניט געוואָלט. זינט זי איז אַנטלאָפן פון דערהיים און געפינט זיך בײַ מיר, פילט זי זיך ווי א פריי פויגעלע.

זעליק: דוכט זיך, אַז זי איז שוין צי פריי.

צאליע: אַי, זעליק, דו קאָנסט ניט פריידקען. זי איז א לעבעדיק קינד, ווי קוועקזילבער. דו זאָלסט נאָר הערן, וואָס מיין ריווקעלע דערציילט פון איר. איר שווימען... איר מאַכן גימנאַסטיק... אַ שטיקל כיסאָרן האט זי — זי פוילט זיך צום ביכל. אַ קאָפּ האט זי א זעלטענעם; מיין ריווקעלע ווייזט איר אַ פּאָר מאָל אין ביכל, ווייסט זי עס שוין אַף אויסנווייניק. זי דאַרף לערנען, זעליק, וועט מיסטאם פון איר עפּעס ווערן.

(עליק פארקלאפּט מיטן האמער די ניטן. צאליע בלאָזט מיטן בלאָזאַק. ס׳דערהערט זיך פונדרויסן טפּר... טפּר... ס׳איז עמיצער צוגעפאָרן).

צאליע: (צו זעליקן) כאפּ נאָר א קוק, ווער איז צוגעפאָרן צו דער קוזניע?

(זעליק לויפט ארויס, און קומט באלד צוריק. אין דער צייט גייט אַריין פריידקע פון דער טיר, וואָס פירט צום שמידס הויז, זי טראָגט א פּאָר סאפּעס, שטעלט זיי אַוועק).

זעליק: (אויפגעלייגט) זיי זיינען דאָ — יאַקים און קירילאָ. עך, צאליע, זיינען זיי צוגעפאָרן מיט א פּאָר טוסימלעך, איר מעגט זיך פאַרגינען אַ קוק טאָן! (ער נעמט זיך צו דער אַרבעט. צאליע פאַרלאָזט די ארבעט און גייט זיי אנטקעגן. פריידקע לאָזט זיך אויך צו דער טיר. זעליק שטעלט זי אָפּ) וואוהין?

פריידקע: כ'וויל אויך א קוק טאָן.

זעליק: נעם בעסער, בלאָז אונטער דאָס פייער. (פריידקע שטעלט זיך אַרבעטן באַם בלאָזאַק. ס'הערט זיך פונהינטער די קוליסן שטימען: „אַ יאַקים! קירילא! — זדאָראָוו! — פונקט צו דער צייט!” ס'קומען אריין צאליע מיטביידע פויערים. באַ קירילאן א שטרויענע שליאַפּע אפן קאָפּ, לאנגע וואָנסן און אַ גראָוולעך בערדל. יאקים אָנגעטאָן אין א לאנגער לייוונטענער העמד איבער די גרויע הויזן און וויקעלעך אף די פיס: אַ זייכער פון דער רויטער אַרמיי. ער האלט א בייטש אין האנט. די פויערים גריסן זיך מיט זעליקן. פריידקע באטראכט די פויערים).

צאליע: (צו די פויערים) זייער גוט, וואָס איר זייט געקומען! (שטעלט זיך אַרבעטן).

קירילאָ: וואָס איז? (זעצט זיך אף א קלעצל).

צאליע: ערשטנס, דאַרף איך, אז איר זאָלט אָפּנעמען די אַרבעט און, צווייטנס, האב איך זיך פּאָשעט פאַרבענקט נאָך אייך.

קירילאָ: (מיט אומצוטרוי) אַזוי?..

יאַקים: (צו קירילאָן) וואָס איז? זיינען דען ניט אלע מענטשן גלייך? עך, קירילא, ביסט אלט.

צאליע: גערעכט, יאקים. (קירילאָ פאַרויכערט א ליולקע. צאליע ווענדט זיך צו אים) זאָגט, קירילאָ, אָט בין איך א איד און מיין טאטע איז געווען א איד, און אויב איך בין זיך ניט טויע, גיט איר אונז אַרבעט שוין א יאָר צוואנציק.

קירילאָ: (שאָקלט מיטן קאָפּ) עהע.

צאליע: נו, איז אייך אויסגעקומען געקריוודעט צו ווערן פון אונז? אָדער הערן עפּעס א שלעכט וואָרט?

קירילאָ: גאָט באַהיט, קיינמאָל ניט! מיט דיין טאטן בין איך געווען דער בעסטער גוטער־ברודער.

צאליע: א־אַ, זעט איר? מיר איז אויסגעקומען זיין צווישן גויעם, טערקן, טאָטערן און אנדערע — אומעטום זיינען דאָ גוטע מענטשן און ליידאַקעס.

קירילאָ: א טרונק טאָן קאָן מען?

פריידקע: באלד (לויפט אַרויס).

יאַקים: (צו צאַליען, צורעכטמאַכנדיק די בייטש) מיינסטו פאַרוואָס טראַכט אזוי קירילאָ, פּאָשעט, ווייל ער איז געוואַקסן אין דער אַלטער צייט. ווען ער זאָל געווען ווי מיר...

צאַליע: (שלאָגט איבער) ... דינען אין דער רויטער אַרמיי.

יאַקים: עהע, וואָלט ער געטראכט אנדערש. ביז איך בין אריין אין דער רויטער ארמיי, וואו מ'האט מיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן און מיר געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס ס'טוט זיך אף דער ווייסער וועלט, האב איך אויך ווינציק פארשטאנען. געדענקסט, צאַליע, ווען איך בין אָנגעקומען אין ־ער אַרמיי? (ס'גייט אַריין פריידקע מיט א קוואָרט וואסער און דערלאנגט זי קירילאָן. ער טרינקט. זי גייט צוריק צו דער אַרבעט און הערט זיך צו צום שמועס).

צאַליע: נאָך אזא געדענקען! מיר זיינען דעמאָלט געגאַן אף די פּאָליאַקן.

יאַקים: (ער נעמט בא קירילאָן דאָס וואַסער און טרינקט. האלט די קווארט אין האנט) עך, פּליאַקעס, פּליאַקעס, זיי האבן געמוטשעט דאס פאָלק: געמאַכט סכאָדן, צונויפגערופן אלט און יונג, געסמאַלעט די פּיאַטעס און שפּילקעס אונטער די נעגל געקלאַפּט.

צאַליע: אָבער סאַראַ וויסטן סאָף זיי האבן געהאט — זיי האבן זיך אליין ניט געריכט.

יאַקים: או... או... (נעמט ארויס מאַכאָרקע פון אַ לע־דערן בייטל, דרייט א ציגאַר) אין בעריאָזעווע וועלדל האבן מיר זיך צונויפגענומען. ווער מיט א רעוואָלווער, ווער מיט אַ ביקסל, אַפילע א קוילנוואַרפער אויך געקראָגן. אייניקע זיינען געקומען פון די דערפער מיט ווילעס.

קירילאָ: מע איז געגאַן ווי צום טאַנץ.

יאַקים: ס'איז נימעס געוואָרן ליידן פונם פאַרפלוכטן פּאָריץ. נו האבן מיר זיי פאַרגרייט א בעדל, האבן זיי זיך געפארעט...

מיר האבן זיך פארלייגט אין וועלדל, און זיי, ניט וויסנדיק פון גאָרניט, פאָרן זיך מיט א לידל: „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ...״

זעליק: (כאפּט אונטער) „...קעדע מי זשיעמאָ!..״

פריידקע: (צעלאַכט זיך) כאַ, כאַ, כאַ...

יאַקים: אַז מיר האבן א שאָט געטאָן פייער אַף זיי און זיי לויפן און פאלן, לויפן און פאַלן... (ער נעמט ארויס צונטער און א קיזלשטיין און קלאפּט, נאָר ס׳גיט ניט קיין פייער. פריידקע דערלאנגט אים פון האָרנע א קויל פייער, ער פאַרויכערט).

קירילאָ: (הויבט זיך אויף פון אָרט) עמעס, די מאַפּאָלע האבן זיי פאַרדינט.

צאַליע. עך, פּאָליאַקלעך... זיי האבן געוואָלט אונז צוריק די פּריצים אַרויפזעצן אפן קאַרק.

קירילאָ: (פאַרטראַכטערהייט) יאָ... פּריצים... קייסער... זשאַנדאַרן...

יאַקים: ווען ניט די ראַטנמאַכט און איר רויטע אַרמיי, וואָלט ביז איצט אונזער אַרבעטס-מענטש געלעגן טיף אין דער ערד (ווייזט מיט דער האנט).

צאליע: דערצו נאָך, ברידערלעך, דאַרפן מיר אלע זיך האלטן צוזאמען: אלע אַרבעטנדיקע אין שטאָט און אין דאָרף.

קירילאָ: (מיטאַמאָל) יאָ, צאליע, דו ווייסט, וואָס כ׳האב דיר געבראַכט? (ער גייט אַרויס אין דרויסן און ברענגט אַ זאַק קאַרטאָפלעס) אָט, נאַ! קארטאָשקעס פון אייגענעם גאָרטן — זיי צעשיטן זיך אין מויל.

פריידקע: (גיט א גיי צו צום זעקל און נעמט אַ פּאָר קאַרטאָפל) אוי, פעטער, קאַרטאָשקעלעך... (הויבט אָן זינגען פונם לידל „קאַרטאָפעלעך״).

פלאַקערט פייער, צינגלעך קנאַקן,
פליען פונקן פונם פלאַם,
און קאַרטאָפעלעך געשמאַקע
קיצלען נאָז מיט זייער טאַם.

יאַקים: (אומקוקנדיק זיך צו פריידקען) אָט ווי זי זינגט שיין! (צו צאַליען) ווער איז זי? ס'איז דיין טעכטערל?

צאַליע: ניין, ס'איז מיין פּלימעניטשקע; פריידקע רופט מען זי.

יאַקים: אַזוי? פריידקע? זי זינגט שיין.

קירילאָ: (צו פריידקען) אַנו, זינג עפּעס א האָפּאַקל אזוי, אז ס'זאָל א נעם טאָן. (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט).

פריידקע: (שמייכלענדיק) דאָס קען איך ניט.

צאַליע: ניין, קירילאָ, זי קען נאָר די לידלעך, וואָס זי נעמט איבער באַ די פּיאָנערן.

זעליק: (שפּאַסט) ווי «Эх, ты, яблочко, куда котишься?..» (פריידקע מאַכט אים היגטנאַרום פון פינגער א נאָז).

יאקים: א־אַ, באַ פּיאָנערן? גוט, גוט!

צאַליע: אַנו, און איך האב אייך צוגעגרייט די סערפּעס און די גראָב־אייזנס. (צו זעליקן) דערלאַנג די ארבעט (זעליק דערלאנגט יאַקימען און קירילאָן די אַרבעט. זיי באַטראַכטן זי).

יאַקים: (באַטראַכטנדיק א סערפּ) גוט. ס'וועט נעמען?

צאַליע? ס'וועט נעמען, נעמען. אַוואַדע וועט א שנייד־מאַשין בעסער נעמען.

קירילאָ: ע, אַ שניידמאַשין... אַ טייערער ביסן!

יאַקים: אַי־אַי! איינעם — א טייערער ביסן, אָבער בעשוט־פּעס אין קאָאָפּעראַציע איז גאָר אנדערש.

צאַליע: נו, פריינט, קומט אַריין אין שטוב זיך אָפּרוען און עפּעס איבערכאַפּן: איר קערט זיין הונגעריק. קומט! (ער נעמט אָן קירילאָן פאַרן האַנט).

קירילאָ: נו, געגאַן, איז געגאַן (קירילאָ, יאַקים און צאַליע גייען אַרויס).

זעליק: (גייט צו צום זאַק מיט קאַרטאָפל) אַנו, פריידקע, פאַרגיב אַף די פּלייצעס.

(פריידקע העלפט אַרויפלייגן דעם זאַק אַף זעליקן. ער גייט אַרויס זי גייט צו דער טיר און קוקט, צי ער איז שוין נישטאָ. זי קריגט

אַריס פון אונטער דעם אייזנבראָך אַ ניט פאַרענדיקט פייקל און גיט זיך גיך א לאָז צו דער קאַוואדלע. אין דער צייט לויפט אַריין פונדרויסן וואַנקע, וועלכער טראָגט א לייוונטענע בלוזקע איבער די פלודערן, גייט באָרוועס, אַפן קאָפּ א קוטשמעלע, באַ דער זייט באַ אים א טאָרבעלע. ער צעבוצקעט זיך מיט פריידקען. ביידע גיבן א שפרונג אָפּ צוריק איינער פונם אנדערן און בלייבן שטיין זיך אָנקוקנדיק פאַרוואונדערט).

פריידקע: (צעלאַכט זיך) כאַ, כאַ, כאַ! (צו וואַנקען) ווער ביסטו?

וואַנקע: (האלט זיך צו באַ דער נאָז) וואו איז מיין טאַטע?

פריידקע: (לייגט אַוועק דאָס פייקל אף דער קאַוואַדלע) וואָסער טאַטע?

וואַנקע: מיין טאַטע, יאַקים. ער איז פריער אַהער אַריינגעגאַן.

פריידקע: א־אַ, דאָס ביסטו יאַקימס זונדל? (וואַנקע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שווייגט. זי גייט צו צו אים) ווי אַזוי רופט מען דיך? (וואַנקע פאַרקערעוועט אין א זייט דעם קאָפּ און צעלאַכט זיך) זע נאָר, וואָס האָסטו זיך צעלאַכט? זאָג, ווי הייסטו? שעם זיך ניט!

וואַנקע: (שעמעוודיק מיט א שמייכל) וואַנקע.

פריידקע: (מיטאַמאָל) או, וואַנקע, וואַנקע־ווסטאַנקע! (וואַנקע לאָזט זיך לויפן אינדרויסן אַרויס, זי כאַפּט אים אָן פאַרן אַרבל) וואָס אַנטלופסטו פון מיר? איך טשעפּע דיך ניט. (ער רייסט זיך אויס און לויפט אַרויס. פריידקע שיסט אויס אַ געלעכטער) כאַ, כאַ, כאַ.

(זי נעמט זיך צום פייקל און קאָוועט אָן אף דעם א צווייט רייפל. ס'לויפט אַריין ריווקעלע מיט אימפעט).

ריווקעלע: פריידקע, וואו איז דער טאַטע? (אַף גיך) דו ווייסט, אז היינט האבן מיך אונזערע פיאָנערן אויסגעקליבן פאַרן עלצטן פון רינג?

פריידקע: (מיט פרייד) ביסטו א רינגלערן שוין? (לייגט אַוועק די אַרבעט, לויפט צו צו ריווקעלען און גיט זי א כאַפּ אַרום) אך, ריווקעלע...

ריווקעלע: מאָרגן גייען מיר אַף אַן עקסקורסיע אין דאָרף, וועסטו זען ווי איך וועל געבן א שטעל אויס מיינע יאַטן און דורכגיין פאַר זיי, ווי אַ קאָמאַנדיר מיט א געשריי: „זיי גרייט!" אַלע וועלן מיר מעקאַנע זיין. (שטילער) בערל וועט גיין באַ מיר דער לעצטער אין דער ריי. זאָל ער וויסן, ווי מיר ניט אַנטלייען זיינע פאַכירן צום שווימען.

פריידקע: (מיט פאַרוואורף) ניט שיין, ריווקעלע, אָפּצאָלן גאָר... וואָס געהערט זיך עס אָן מיטן גיין אין די רייען? ווידער, באַרימסטו זיך שוין, אז דו וועסט זיך האַלטן גרויס... אַ רינגלערן דאַרף זיין א פאַשעטע כאַווערטע מיט אַלע קינדער. ווער האָט דיך אויסגעקליבן? (ריווקעלע שטייט פאַרשעמט).

ריווקעלע: (פאַרענטפערט זיך) כ׳באַרים זיך ניט. כ׳זאָג גלאַט אַזוי.

(ס׳גייט אַריין וואַנקע. פריידקע לויפט צו צו אים).

פריידקע: (צו וואַנקען) וואָס ביסטו אַנטלאָפן?

ריווקעלע: (צו פריידקען ווייזט אַף וואַנקען) ווער איז ער?

פריידקע: ס׳איז וואַנקע פון דאָרף. כ׳וויל אים עפּעס זאָגן, אַנטלויפט ער.

וואַנקע: כ׳בין געגאַן צו די פערד אַ קוק טאָן.

ריווקעלע: אַ, פערדלעך. וואו? וואו? (לויפט צו דער טיר, קוקט און רופט) פריידקע, קום אַהער, זע נאָר! (פריידקע לויפט אויך צו דער טיר, קוקט).

פריידקע: (גייט אַוועק פון דער טיר צו וואַנקען) אָך, אַ פּאָר פערדעלעך!

ריווקעלע: זיך גוט דורכגעפאָרן, וואַנקע? ביסט דאָס ערשטע מאָל אין שטאָט?

וואַנקע: (פּאָרעט זיך באַם טאָרבעלע) דאָס צווייטע מאָל. איין מאָל געוועזן מיטן טאַטן אַף א יאַריד.

פ ר יי ד ק ע: (צו וואַנקען) וואָס האָסטו געזען דאָ? אין קינאָ ביסטו געווען?

וו א נ ק ע: וואָס הייסט עס?

פ ר יי ד ק ע: אַזעלעכע לעבעדיקע בילדער.

ר יוו ק ע ל ע: דאָרטן פליט מען און מע שפרינגט (גיט אַ גיי צו און גיט אַ נעם וואַנקען אַף די פלייצעס און לויפט מיט אים איבער דער קוזניע און שרייט — אַלאַ־האָפּ!)

פ ר יי ד ק ע: (קייכט פאר געלעכטער) כאַ, כאַ, כאַ...

(ריווקעלע פאַרטשעפּעט דאָס פייקל, עס פאלט אַראָפּ און לאָזט אַ קלאַנג. וואַנקע שטייט אין אַ ווינקל צעמישט. זי לויפט צו צום פייקל און גיט עס אַ הויב אויף פון דר'ערד).

ר יוו ק ע ל ע: אַך, אַ פייקל! (קלאפט אין דעם, צו פריידקען) וואו האָסטו עס גענומען?

פ ר יי ד ק ע: (צו ריווקעלען) כ'האָב עס אַליין געמאַכט.

ר יוו ק ע ל ע: אַף וואָס דאַרפסט עס?

פ ר יי ד ק ע: כ'וועל עס שענקען די פיאָנערן. עפּעס מיט אַ פייקל גייען זיי גאָר אַנדערש.

ר יוו ק ע ל ע: אַי, אַ פייקעלע! (צו וואַנקען) וואַנקע, זע נאָר! (וואַנקע קוקט, נאָר ער וואַגט ניט צוגיין).

פ ר יי ד ק ע: גיי צו, האָב ניט מוירע, כאַ, כאַ, כאַ.

ר יוו ק ע ל ע: וואַנקע, באַ אייך זיינען דאָ פיאָנערן?

וו אַ נ ק ע: דאָ, מיינע כאַווײרים דאנילקע און סטיאפּקע זיינען פיאָנערן. זיי טראָגן רויטע האַלזטיכלעך.

פ ר יי ד ק ע: און דו?

וו אַ נ ק ע: איך בין ניט קיין פיאָנער. כ'האָב דאַווקע ליב הערן, ווי זיי זינגען, נאָר איך קאָן ניט זינגען. (פריידקע און ריווקעלע צעלאַכן זיך).

פ ר יי ד ק ע: כאַ, כאַ, כאַ... דו קענסט ניט זינגען?

ר יוו ק ע ל ע: (גייט צו צו וואַנקען און גיט אים אַ שאָקל אונטערן קין) נו, זינג! „У попа была собака!..“

כאַ, כאַ, כאַ... (וואַנקע פאַרדרייט דעם קאָפּ. ס׳דערהערט זיך אַ סווישטש פונהינטער די קוליסן. פריידקע לויפט אַרויס און קומט באַלד צוריק מיט אַ פּאַפּירל אין האַנט).

פּריידקע: (צו ריוועקעלען דערלאַנגענדיק איר ס׳פּאַפּירל) אָט איז דער אַדרעס פון דעם, וועלכער פאַלט שטענדיק אָן מיט שטיינער אַף די פּיאָנערן. כ׳האָב געשיקט א יאַט, האָט ער אים נאָכגעשפּירט.

ריוועקעלע: (קוקט אין פּאַפּירל) ס׳איז דעם שויכעטס זונדל, עליע דאָס הויקערל.

פּריידקע: יאָ. זאָלן אַלע וויסן, וועט מען אים קאָנען פּאַקן.

ריוועקעלע: (באַהאַלט ס׳פּאַפּירל) גוט. נו איך גיי זיך צו־גרייטן צו מאָרגן (צו וואַנקען) זיי געזונט!

„У попа была собака“... (אַרויס אין שטוב).

(פריידקע גייט צו צו וואַנקען, וועלכע שטייט באַרויגעזלעך).

פּריידקע: וואָס האסטו זיך פארטראכט, וואַנקע? זאָג, וואָס טוסטו אין דאָרף?

וואַנקע: איצט פּאַסע איך כאַזיירים און גענז.

פּריידקע: איר האָט אַסאַך געגז מיט כאַזיירים?

וואַנקע: באַ אונז — איין כאַזערל נאָר. כ׳פּאַסע פרעמדע כאַזיירים.

פּריידקע: פרעמדע?

וואַנקע: לעם אונז וואוינט איינער א רייכער, ער עסט ווייסע בולקע און טרינקט טיי פון אַ מעשענעם סאַמאָוואַר, האָט ער אַסאַך געגז מיט כאַזיירים; שענקט ער מיר אַמאָל עטלעכע קאָפּ־קעס, פּאַסע איך זיי אים אַ גאַנצן טאָג.

פּריידקע: אַ גאַנצן טאָג פאַר עטלעכע קאָפּקעס? פארוואָס מאַכט ער דיר ניט אַ פּאָר שיך? (ווייזט אַף וואַנקעס פיס) דו גייסט דאָך באָרוועס.

וואַנקע: ער איז אַ שלעכטער. ער שלאגט מיך אויך. איך בין שולדיק, אַז זיינע כאַזיירים האָבן ליב קריכן אין פרעמדע גערטנער.

פרײדקע: (צו זיך) שלאָגט גאָר... װארף אים אַװעק, װאַנ־קע, כ׳װעל זאָגן דײַן טאַטן, ער זאָל דיך מער ניט לאָזן פּאַסען באַ יענעם בורזשוי. (זעליק גײט דורך דער קוזניע אַרױס אין דרױסן. פרײדקע גײט צו צו װאַנקען און נעמט אים מיט דער האנט פאַרן אַקסל) װער, װאַנקע, אַ פּיאָנער. מיט זײ איז טאָמיד פרײלעך. באַ זײ לערנט מען זיך. װעסט זען — דײַן באַלעבאס װעט דיך מער ניט שלאָגן. אַ פּיאָנער שלאָגט מען ניט.

װאַנקע: (פאַרטראַכט) אַ פּיאָנער שלאָגט מען ניט...

פרײדקע: (פּלוצלונג) יאָ, מירן בײדע װערן פּיאָנערן, טראָגן רױטע האַלזטיכלעך, גײן אין די רײען (גיט אַ נעם װאַנקען און גיט מיט אים אַ מאַרשיר) אָט אַזױ — אײנס, צװײ! אײנס, צװײ! (ס׳דערהערט זיך אַ רױש הינטער די קוליסן. פרײדקע גיט אַ לאָז אָפּ װאַנקען, כאַפּט דאָס פּײקל און באַהאַלט עס צװישן אײזן. ס׳גײען אַרײַן צוריק צאַליע, יאַקים און קירילא, זײ פאַרענדיקן דעם שמועס).

צאַליע: (צו די פּױערים) אַזױ, אַזױ, מײנע פרײנט, מיר אַרבעטס־לײט דאַרפן זיך לעבן אין אַכדעס, דאַן װעלן די סאָנים די אױגן אַרױס, קוקנדיק אַף אונזער נאַכעס.

װאַנקע: טאַטאָ...

יאַקים: (צו װאַנקען) װאָס ביסטו אַװעק פון װאָגן? איבער דיר זאָל מען די פערד אַװעקפירן.

פרײדקע: (לױפט צו צו צאַליען און נעמט אים פאר דער האַנט) פּעטער, כ׳װיל אים עפּעס זאָגן.

(װײזט מיט דער האַנט אַף יאַקימען. צאַליע הערט ניט. ער העלפט די פּױערים פאַרנעמען די אַרבעט. די פּױערים געזעגענען זיך מיט צאַליען און מיט פרײדקען).

יאַקים: נו, זײט געזונט!

קירילא: א גוטן טאָג!

צאַליע: (גײט זײ נאָך צו דער טיר) פאָרט געזונט! איר׳ט זײַן אין שטאָט, כאַפּט זיך אַרײַן!

יאַקים: (צו וואַנקען) קום! (די פויערים מיט וואַנקען גייען אַרויס. צאַליע שטעלט זיך אַרבעטן).

פריידקע: (לויפט צו צו דער טיר און שרייט נאָך) געדענקזשע, וואַנקע, וואָס כ'האָב דיר אָנגעזאָגט!

צאַליע: פריידקע, גיי עסן: קערסט זיין הונגעריק.

פריידקע: (גייט צו צו צאַליען) כ'בין ניט הונגעריק. דו ווייסט, פעטער, ריווקעלען האָט מען געמאַכט פאַר א רינגלערן. (ס'דערהערט זיך אַ טומל הינטער די קוליסן און אַ קאָל: „מע מעג אריינגיין?")

צאַליע: ביטע! (ס'גייט אריין דער לערער).

לערער: א גוטהעלף, בירגער צאַליע!

צאַליע: האַ!.. (גייט אַנטקעגן) גוט יאָר, גוט יאר, וואָס דאַרפט איר עפּעס? (פריידקע באַטראַכט דעם לערער).

לערער: כ'בין געקומען מיט מיינע שילער באַטראַכטן די קוזניע. מע מעג אַריינפירן די קינדער?

צאַליע: ביטע, ביטע, מיטן שענסטן פאַרגעניגן.

פריידקע: רופט זיי אַריין! רופט זיי אַריין!

לערער: איר וועט זיי דערקלערן, ווי מען אַרבעט?

צאַליע: פאַרוואָס ניט? זאָלן זיי אַריינגיין.

לערער: (גייט צו צו דער טיר, רופט) אין אָרדענונג — אַריין!

(ס'גייען אריין אַ פּופּצן שילער-פּיאָנערן, אָנגעטאָן אין רויטע האַלזטיכלעך. אַלע גריסן זיך)

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן!

צאַליע: אַ גוט יאָר, קינדערלעך; נו, וואָס אינטערעסירט אייך? פרעגט.

שטימען פון די קינדער:

— שטיין-קויל!

— מאַכשירים!

— די אַרבעט! (זיי צעגייען זיך אין אַלע ווינקלען און באַטראַכטן די כפּייצים).

לערער: שאַט, אָן טומל. (צו צאַליען) ווייזט זיי, ווי מע שמידט.

צאַליע: ביטע, ביטע (ער גייט צו צו דער האָרנע, נעמט אַרויס אַן אָנגעגליטע פּידקאָווע און לייגט זי אַף דער קאָוואַדלע. פריידקע גייט צו, נעמט א האַמער. זיי שמידן ביידע. קינדער רינגלען זיי אַרום און באַאפּאַכטן. צאַליע דערקלערט זיי) אָט דאָס אייזן איז אָנגעגליט געוואָרן אין פייער, קעדיי ס'זאָל ווערן ווייך. איצט מיט די האַמערס גיבן מיר דעם צו די פאָרמע, וואָס מיר ווילן.

פריידקע: מיר קאָנען דערפון מאכן אַ האַק, אַ סאַפּע, אַ פּידקאָווע און אַנדערע זאַכן.

אַ שילער: און גליטש-אייזנס קאָנט איר מאַכן?

צאַליע: (צום שילער) יא, קאָנסט זיך גוט גליטשן?

אַ יאַט: אַ טפּעך — ער פאַלט פופצן מאָל אַ רעגע...

אַלע: (לאַכן) כאַ, כאַ, כאַ...

(ס'בויגט זיך אָן אַ שילער און וויל נעמען אַ שטיקל אייזן פון דר'ערד. פריידקע דערזעט עס און כאַפּט אים אָן באַ דער האַנט).

פריידקע: וואָס טוסטו? וועסט זיך אָפּבריען; ס'איז נאָך ניט אָפּגעקילט אין וואַסער (זי נעמט זיך צוריק צו דער אַרבעט. דער שילער קוקט אַף איר מיט דאַנקבאַרקייט).

לערער (באַ אַ זייט מיט אַ גרופּקע קינדער ווייזט אַ שטיקל שטיינקויל און דערקלערט) אָט דאָס איז שטיינקויל, פון וועלכן מיר האָבן געלערנט. דאָס באַקומט זיך פון איבערגעפוילטע געוויקסן, וואָס זיינען געלעגן טויזנטער יאָר אין דר'ערד.

אַלע: או-או!

לערער (דערלאַנגט יעדערן צו שטיקלעך שטיין-קויל באַטראַכט. קוקט זיך צו צום אויסערלעכן אויסזען (אַלע באַטראַכטן).

אַ שילער: לערער, מע דאַרף מיטנעמען אין שול אַ שטיק שטיינקויל.

צאַליע (דערהערנדיק) ביטע, נעמט, נעמט! (אַלע נעמען צו שטיקלעך און גייען צו דער קאָוואַדלע, וואו מע שמידט) נו, קינדערלעך, ס׳געפעלט אייך די אַרבעט? ס׳איז די בעסטע פיז-קולטור. זעט מיינע מוסקולען (פּאַרקאַטשעט די אַרבעל, ווייזט).

אַלע: אַי-אַי!

איאַט: בעסער ווי פון דרייען זיך אַף די רינגען.

לערער: אַזוי, קינדער, אַרבעט מאַכט געזונט.

(אַלע פּרואוון זיך הויבן די האַמערס).

שטימען:

— אוי שווערלעך.

— ס׳גייט ניט.

צאַליע (לייגט אַוועק די אַרבעט): נו, איך דאַרף גיין אין שטוב. און איר קינדער באַטראַכט אייך דאָ, וויפל איר ווילט (רופט) פריידקע, קום עסן וואַרמעס. (ער גייט אַרויס. פריידקע בלייבט בּאַ דער אַרבעט. דער לערער גייט אַרום מיט די קינדער און באַטראַכט די מאַכשירים. אייניקע קינדער גייען אַוועק אין אַ זייט, שמועסן).

ערשטער שילער: ווער איז דאָס מיידעלע, וואָס אַרבעט?

צווייטער שילער: אַי, אַ מיידל! זי דאַרף האָבן גוטע מוסקולן.

פריידקע: (לויפט צו צום שילער) אַנו, פּרואוו זיך נאָר מיט מיר אַ ראַנגל טאָן (דער שילער בלייבט שטיין אָפּהענטיק).

דריטער שילער: זעט נאָר, ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ מיידל. (צו פריידקען) נו, קום מיט מיר. (ער הויבט זיך אָן ראַנגלען מיט פריידקען. אַלע רינגלען זיי אַרום. זי קערט אים איבער).

אַלע: אורא! אַנידערגעלייגט! (ס׳לויפט אריין איציק, אָנגע-טאָן אין אַ רויטן האַלזטוך).

איציק (פֿאַרסאַפּעט): כעוורע, איר זייט דאָ? אין בין אייך געלאָפֿן זוכן. (דערזעט פריידקען) אוי, פריידקע! (גייט צו צו איר).

פריידקע: איציקל!

איציק: וואָס טוסטו דאָ? (אַלע קינדער און דער לערער קוקן אַף פריידקען מיט איציקן).

פריידקע: כ'בין באַם פעטער. כ'ארבעט דאָ. דו געדענקסט, איציקל, ווען מיין טאַטע האָט דיך געשלאָגן? דעמזעלבן טאָג בין איך אַנטלאָפֿן פון דערהיים צום פעטער צאַליע.

אַלע: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? (רינגלען אַרום פריידקען מיט איציקן).

פריידקע: כ'האָב ניט געוואָלט זיין אינדערהיים צוליב מיין טאַטן.

שטימען פון די שילער:

— ווער איז איר טאַטע?

— ווער? ווער?

איציקל: פעטרעשקע, דער מעלאַמעד. איר קאָנט אים ניט? אַך, פלעג ער גנאַטעווען. (צו די קינדער) גיט נאָר אַ קוק, מיין אויער איז גאַנץ? (אַלע קוקן צום אויער) וויפל מאָל פלעג ער מיר אים אָנציען, ווען כ'האָב געלערנט באַ אים.

אַלע (לאַכן): כאַ, כאַ, כאַ...

לערער (גייט צו צו פריידקען): ביסטו אַנטלאָפֿן, הייסט עס פון דערהיים צום פעטער און העלפסט אים ארבעטן.

פריידקע: יאָ.

אַלע: גוט! גוט געטאָן!

לערער (צו פריידקען): און לערנען לערנסטו ניט? פארוואָס גייסט ניט אין שול?

פריידקע: ביז איך בין אוועק צום פעטער, האָט מיך מיין טאטע ניט געלאָזט גיין; איצט לערנט מיט מיר מיין שוועסטער־קינד. כ'ווייס שוין, פונוואנען ס'נעמט זיך אַ רעגן. וואָס הייסט א האָריזאָנט.

לערער: און אין שול ווילסטו גיין?

פריידקע: יאָ.

אַ פּיאָנער: און צו די פּיאָנערן גייסטו?

פריידקע: יאָ, נאָר כ׳בין נאָך ניט פאַרשריבן. (גייט און נעמט אַרויס דאָס פּייקל, ווייזט). אָט דאָס פּייקל האָב איך אַליין געמאַכט, כ׳שענק עס אייער מאַכנע. נאַט! (זי גיט עס איבער די פּיאָנערן).

אַלע: (פליעסקען מיט די הענט) בראַוואָ! בראַוואָ! (ס׳פּייקל גייט פון האַנט צו האַנט, מע באַטראַכט עס).

ערשטער שילער: (קריכט ארויף אַף דער קאָוואַדלע) קינדער, זי לערנט ניט אין שול און איז ניט קיין פּיאָנערקע...

דריטער שילער: זי מוז גיין אין שול!

צווייטער שילער: יאָ, אין שול! בּאַ אונז וועט זי ווייזן אַ ביישפּיל, ווי מע דאַרף אַרבעטן.

שטימען פון די קינדער:

— יאָ, יאָ, לערער!

— אין שול! אין שול!

— פריידקע מוז גיין אין שול!

— אין שול! פאַר אַ פּיאָנערקע! (פריידקע שטייט צעטומלט. ס׳גייט צו איר צו דער לערער).

לערער: נו, פריידקע פון מאָרגנדיקן טאָג וועסטו פאַרעכנט פאַר אונזער שילערן. קום אין שול זיך פאַרשרייבן.

אַלע: (פּאַטשן אין די הענט) בראַוואָ! בראַוואָ!

פריידקע: איך בין גרייט גיין אין שול, אָבער ווען וועל איך אַרבעטן, אַז כ׳וועל גיין אין שול?

לערער: נישקאָשע, פריידקע, דערווייל וועסטו ניט אַרבעטן אין קוזניע. ביסט נאָך יונג. פריער וועסטו באַקומען בילדונג, דערנאָך וועסטו קאָנען זיין אַ באוואוסטזיניקע אַרבעטערן.

אַלע: עמעס. ריכטיק.

אַ שילער: קינדער, לעקאָוועד אונזער נייער כאַווערטע!

אַלע: אַ ליד! אַ ליד!

(אַלע קינדער שטעלן זיך אויס אַרום דער קאַוואַדלע אין אַ האַלבן קרייז. פריידקע מיט נאָך אַ קינד נעמען די האמערס און אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון די האַמער-קלאַנגען הויבט מען אָן זינגען אַפן מאָטיוו פון: „און דו אַקערסט און דו זייעסט")

צו דעם אַקער, צו מאַשין
שטאָלט די הענט איר אַרבעט-זין.
ווער אַ ציגל, ווער אַ שטיין
פאַר דער נייער יונגער היים.
גלין-גלאַן, גלין גלאַן,
מיט דער אייזנפעסטער האַנט!
גלין-גלאַן, גלין-גלאַן,
פאַרן פרייעם ראַטן-לאַנד!
צו דעם לעבנס-פרייד און גליק
נאָר פאָרויס — קיין טראָט צוריק!
מיטן גאַנצן האַרצן-גלוט,
פול מיט גלויבן און מיט מוט!
גלין-גלאַן, גלין-גלאַן,
מיט דער אייזנפעסטער האַנט!
גלין-גלאַן, גלין-גלאַן,
פאַרן פרייעם ראַטן-לאַנד!

לערער: (נאָכן ענדיקן די ליד) איצט, קינדער, גייען מיר אָנקוקן דעם סטאָליאַרישן אַרטעל און מיר פאַרענדיקן די עקס-קורסיעס צו קאמפלעקס „אָרטיקע פּראָדוקציע".

אַ שילער: לערער, מיר גייען, נאָר לאָז פריידקע מיט אונז אויך גיין.

שטימען פון שילער:

— יאָ, יאָ, פריידקע...
— זאָל זי אויך גיין!
— מיט אונז! מיט אונז!

ס׳דערהערט זיך אַ קאָל הינטער די קוליסן: „פריידקע, גיי אַריין אין שטוב״)

אַ שילער: ניין, ניין, פריידקע גייט מיט אונז!

אַלע: (צו פריידקען) קום! זיי פארנעמען פריידקען און גייען אַרויס אונטערן קלאַפּן פון פּייקל).

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט

(אין צוויי יאָר אַרום. פריידקע באַם פעטער. די סצענע שטעלט פאָר א שול-קלוב. איין טיר לינקס פירט צו דער שול, די אַנדערע רעכטס — אינדרויסן. אַף די ווענט לאָזונגען, אייניקע פאָרטרעטן פון די פירער. אַקעגן צושויער אין הינטער-גרונט פון דער בינע אַ שטיקל עסטראַדע. ווען עס הויבט זיך אויף דער פאָרהאַנג, שטייען צאָני, עליק און מאַשע און פוצן צו דעם קלוב. אַף אַ באַנק זיינען אָנגעלייגט פאָרטרעטן, קאַרטאָן, קאָלירטע פאַפירן. צאָני פאַרקלאַפט אַ ברעטל באַ דער עסטראַדע. עליק שערט פון קאָלירטן פאַפיר פענדלעך. מאַשע שטייט אַף אַ לייטער, וואָס איז אָנגעשפאַרט אָן דער וואַנט און הענגט פאָרטרעטן)

צאָני: (שלעפט אַ צוויאָק מיט אַ צווענגל, קאָן ניט אַרויס-שלעפן) ס׳קריכט ניט, כאָטש גיב נײַנצן.

מאַשע: או, אַ פיינער גיבער! (זי קריכט אַראָפ פון לייטער און לויפט צו צו צאָנין) לאָז מיך!

צאָני: (גיט אַ קוק אַף איר מיט איראָניע) גיי. גיי, אַ בעריע אַ גרויסע: אַז איך קאָן ניט, וועט זי קאָנען.

עליק: (פון אָרט, וואו ער אַרבעט), צאָני לאַך ניט. מאַשע וועט גיכער נעמען פון דיר.

מאַשע: (צו עליקן) געדענקסט אין לאַגער באַ דער קרע-ניצע?

עליק: או, איך געדענק (צו צאָנין) זי האָט אַליין אַרויסגע-שלעפט אַן עמער, וואָס וועגט עפשער דריי פוד.

צ אָ נ י: אַזוי? אַ כאָכמע! האָסט געלערנט פיזיק?

ע ל י ק: (מיט כויזעק גיט אַ זינג) פיזיקע־מיזיקע קאָטעניו, רויטע פּאָמעראַנצן, אונטערן אויוון שפּילט א גריל, גייען די וואַנצן טאַנצן.

צ אָ נ י: אַז דו ביזט אַ פּאָעט אונטערן בעט, ווייס איך שוין פונלאַנג; אָבער דעם געזעץ פון פיזיק מעגסטו געדענקען.

מ אַ ש ע: (צו עליקן) ער מיינט דעם געזעץ, אַז אין וואַסער איז די מאַסע גרינגער.

צ אָ נ י: ריכטיק.

מ אַ ש ע: אָבער איך האָב געשלעפּט דעם עמער העכער פונם וואסער (צאָני שלעפּט דעם צוויאָק מיט אנשטרענגונג). צאָני, וועסט אַליין ניט נעמען (רופט עליקן) אַנו, אַהער!

(עליק לויפט, נעמט זיך פאַר מאַשען; מאַשע פאַר צאָנין).

צ אָ נ י: (קאמאַנדעוועט) געצויגן, אַיידאַ! (זיי ציען).

מ אַ ש ע: ס'גייט ניט.

צ אָ נ י: נאָכאמאָל. איינס! צוויי! (זיי ציען). די אפצווייגע גליטשט זיך אויס און זיי קערן זיך אַלע איבער. זיי בלייבן צעמישט זיצן אף דער פאדלאגע).

ע ל י ק: צאָני, ביסט דאָ?

צ אָ נ י: (האלט זיך צו באַ דער זייט) אוי, ניין, דאַכט זיך . . .

(ס'גיט זיך אַן עפן די טיר און ס'גייט אַריין פריידקע. זי טראָגט אַ ווייטן האַלזטוך און אַ פּיאָנערישן צייכן. אין האַנט באַ איר — אַ וואַנט־צייטונג).

פ ר יי ד ק ע: (דערזעענדיק די קינדער זיצן אַף דר'ערד) וואָס איז מיט אייך? כאַ, כאַ, כאַ . . ., אַף דער ערד גאָר? (אַלע הויבן זיך שנעל אויף און טרייסלען זיך אָפּ).

מ אַ ש ע: מיר האָבן געשלעפּט אַ צוויאָק (אַלע נעמען זיך צוריק צו דער אַרבעט).

פרײדקע: קינדער, מע דאַרף גיכער פאַרענדיקן די אַר־בעט—די יאַטן וועלן זיך באַלד אַהער צונויפנעמען. (אָפּ).

(ס'דערהערט זיך פון הינטער די קוליסן אַ געזאַנג:)

גייט אַ לאָרד אין שענקל אַריין,
אין שענקל אַריין,
אין שענקל אַריין;
טרינקט ער אויס אַ גלעזעלע ווײַן,
אַ גלעזעלע ווײַן,
אַ גלעזעלע ווײַן,
אוי, אוי, אוי שיקער ווערט אַ לאָרד,
שיקער איז ער, בלאַפן מוז ער,
ליגן יעדעס וואָרט.

צאַני: (זינגט נאָך די לעצטע צוויי שורעס) שיקער איז ער, בלאַפן מוז ער, ווײַל ער איז אַ לאָרד.

מאַשע: די קאָמעדיאַנטן גייען שוין!

עליק: שוין נאָך דער רעפּעטיציע.

צאַני: לאָמיר זיי ניט אַרײַנלאָזן.

(ס'גיט זיך אַן עפן די טיר און עס שיטן זיך אַרײַן אַ פינף יאַטן־פּיאָנערן, צווישן זיי ריוועקעלע).

עליק: (שרייט אויס) או־או, די קאָמעדיאַנטן זײַנען דאָ!

אַ פּיאָנער: (גיט זיך אַ שטעל אין אַ פּאָזע) וואָסערע קאָמע־דיאַנטן? איך בין דער ענגלישער פּרעמיער, דער גרויסבריטאַני־שער בער!

(גייט אוועק, האַלטנדיק די פינגער באַם אויג, ווי מיט אַ מאָ־נאָקל)

אַלע: אַי, אַי, אַי!

אַ צווייטער פּיאָנער: (שפּרינגט אַרויס מיט א שטעל) און איך בין טשאַן־זאָ־לין, דער כינעזישער שפּין! (גיט אַ גיי אַוועק, אָנבלאָזנדיק די ליפּן).

אַלע: (צעלאַכן זיך) כאַ, כאַ, כאַ!

אַ פּיאָנער: נו, יאַטן, ס'איז שפּעט! מע וועט באַלד אָנקומען.

ריווקעלע: קינדער. איר ווייסט וואָס ס'וועט היינט זיין אַפן טאָג־סיידער?

אַלע: (רינגלען אַרום דעם יאַט) וואָס?

ריווקעלע: מ'וועט קלייבן פון די פּיאָנערן אַ דעלעגאַט צו פאָרן קיין דייטשלאַנד.

אַלע: קיין דייטשלאַנד?!..

ריווקעלע: אָך, וואָלט איך געוואָלט מע זאָל מיך שיקן...

איך וואָלט געפאָרן מיטן צוג... אָנגעקוקט שיינע זאַכן...

צאָני: און איך וויל גלאַט זען א דייטש.

אַ פּיאָנער: (אין אַ געהויבענער שטימונג) העי, יאַטן, ניט געזאָרגט, מירן נאָך אַלע פאָרן! (אַלע קינדער שטעלן זיך אויס איינס נאָכן אַנדערן און צוטופּנדיק מיט די פיס, הויבן אָן זינגען:

מיר קינדער פון די ראַטן,
מיר הייסע פלינקע יאַטן,
אין ווייטע פרעמדע לענדער
מיר פאָרן, פאָרן אום.
און וואו מיר, יאַטן, קומען,
ווערט רויטע פאָן צעגומען,
עס זינגען וועלדער, פעלדער
און פרייד צינדט דעם ארום.

(אַלע קינדער נאָך דעם לעצטן פערז גיבן אַ קליינעם מאַרשיר דורך דער בינע. אינדערצייט קומט אָן פון דער דרויסן־טיר וואַנקע. ער טראָגט אַ רויטן האַלזטוך, אין דער האַנט באַ אים אַ זעקעלע מיט עפּעס אָנגעפילט. דערזעענדיק אים, שטעלן זיך אַלע אָפּ).

ריווקעלע: (דערזעענדיק וואַנקען, לויפט צו צו אים) אוי, דוכט זיך, וואנקע? (אַלע קינדער רינגלען אַרום וואַנקען).

װאַנקע: (דערקענענדיק ריװקעלען, שמייכלט) יאָ, װאַנקע. (די קינדער שושקען זיך איבער).

ריװקעלע: (רעדט גיך) װאָס טוסטו דאָ? האָסט מיך דער־קענט? געדענקסט בא אונז אין קוזניע? (זי דערזעט באַ װאַנקען דעם רויטן האַלזטוך) אוי, װאַנקע, ביסט שוין אַ פּיאָנער! און זינגען קענסטו שוין? (צעלאַכט זיך) כאַ, כאַ. כאַ... (ס׳קומט אַריין פרײדקע).

פרײדקע: (דערזעט װאנקען מיט פרייד) װאַנקע, (גיט אַ הויב די האַנט) זײַ גרייט!

װאַנקע: (ענטפערט אויך מיט אַ הויב פון דער האַנט) שטענדיק גרייט!

אַלע: פרײדקע, װער איז ער?

װאַנקע: איך בין געשיקט געװאָרן פון אונזער רינג אַף אייער היינטיקער פארזאַמלונג, קעדיי צו נעמען אַן אנטייל אין אויסקלייבן אַ דעלעגאַט.

אַלע: גוט, גוט.

פרײדקע: (צו װאַנקען) גוט, װאַנקע, װאָס דו ביסט גע־קומען. באַלד װעלן די יאַטן אָנקומען, לאָמיר פאַרענדיקן די אַרבעט. נו, װאַנקע, װאָס שטייסטו? העלף מיט!

(אַלע נעמען זיך גיך אַף צו דער ארבעט, מע טראָגט אַריין בענק)

פרײדקע: (פירט אָן די אַרבעט)

מאַשע: די קינדער גייען שוין!

(עס שיטן זיך אַריין פּיאָנערן, פּיאָנערקעס. ס׳װערט אַ טומל).

שטימען:

— שוין שפעט!

— צייט אָנהויבן!

— פרײדקע, אָנהויבן!

— אָנהויבן!

(ס׳גייט אַריין מישקע דער קאָמיוגיסט).

צאָני: (שרייט) אָט איז מישקע שוין אויך דאָ!

פריידקע: באַלד, באלד הויבט מען אָן!

מישקע: (גייט צו צום טישל און גיט א קלאַפּ) כאַוויירים, זעצט זיך אויס, מיר הויבן אָן די פאַרזאמלונג. (אַלע קינדער פאַר־כאַפּן ערטער. וואַנקע בלייבט שטיין. פריידקע גייט צו צו אים, רופט אים אַרויף אף דער עסטראַדע און גיט אים אַן אָרט). איך לייג פאָר אויסקלייבן אַ פּאָרזיצער מיט אַ סעקרעטאַר.

אַ יאַט: (שרייט אויס) כאַוועו מישקע — פּאָרזיצער און פריידקע — סעקרעטאַר!

אַלע: יאָ, יאָ! (אַלע הויבן די הענט, פריידקע און מישקע פאַרנעמען דאָס אָרט).

מישקע: דער טאָג־סיידער איז אַזאַ: קלייבן א דעלעגאַט פון אונזערע פּיאָנערן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד, נאָכדעם וועט זיין אַ קליינע קינסטלערישע אָפּטיילונג. (אַלע קינדער שושקען זיך איבער מיט פרייד).

פריידקע: (הויבט זיך אויף פון אָרט) אַ וואָרט פאַר אַ מעל־דונג האט דער כאַוועו מישקע.

מישקע: קינדער, ווי ס׳איז אייך באוואוסט, זיינען פאַראַן פּיאָנערן אין אלע לענדער. איז אָט, קעדיי די פּיאָנערן פון פאַר־שיידענע לענדער זאָלן זיך קאָנען באַקענען צווישן זיך, פאָרן דעלעגאַציעס פון איינע צו די צווייטע. אָט שיקן איצט די רוסישע פּיאָנערן א דעלעגאַציע קיין דייטשלאנד. אַף אונזערע פּיאָנערן איז אויסגעפאַלן שיקן איין דעלעגאַט. רופט אָן אַ כאַוועו אָדער א כאַווערטע! (ס׳ווערט צווישן די קינדער אַ טומל).

שטימען:

— פריידקען!

— ריווקעלען!

— איציקן!

— גענוג!

מישקע: ס׳איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פֿאָרשלאַג מער ניט אָנרופֿן קיין קאַנדידאַטן.

אַן אָקטיאַבערל: (וואָס איז אַריין צווישן די פּיאָנערן, שרייט אויס) קלייבט מיך אויס! איך וועל פֿאָרן צו די דייטשן אַפֿן שטרויענעם באַן. (ס׳ברעכט אויס אַ געלעכטער צווישן די קינדער).

מישקע: (רופֿט צו אָרדענונג). באַרואיקט זיך! (ס׳ווערט שטיל). נו, איך שטים אָפּ.

אַ פּיאָנער: (הייבט זיך אויף פֿון אָרט). דערלויבט אַ פּאָר ווערטער, איידער מע שטימט. (ער ווענדט זיך צו די קינדער). קינדער, מיר דאַרפֿן שיקן אונזער אַקטיוויסטן פּיאָנער, אַזאַ, וועל־כער זאָל קאָנען אונז עפּעס ברענגען פֿון דאָרט און דאָרט עפּעס געבן.

שטימען:

— עמעס.

— ריכטיק.

דער פּיאָנער: איך רעכן, אַז מיר דאַרפֿן שיקן פֿריידקען. פֿאַר אירע צוויי יאָר זיין מיט אונז צוזאַמען האָט זי אַרויסגע־וויזן איר גרעסטע אַקטיווקייט און דיסציפּלינירטקייט. (ס׳ברעכט אויס אַ פּלעסקערײַ).

וואַנקע: (הייבט זיך אויף און בעט אַ וואָרט באַם פּאָרזי־צער). דערלויבט מיר אַ וואָרט!

שטימען:

— ווער איז ער?

— שאַט, שאַט, פֿון דאָרף.

— אַ פֿאָרשטייער!

מישקע: (גיט אַ רעד מיט פֿריידקען און מעלדעט). שאַט, דאָס וואָרט באַקומט אַ גאַסט פֿון דאָרף.

וואַנקע: (האַלט דעם קאָפּ אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט). קינדער איך קאָן פֿריידקען. פֿריידקע קומט צו אונז אָפֿט אין דאָרף. זי

פירט מיט אונז שמועסן. פריידקע האָט אָרגאַניזירט צווישן אונ־
זערע פּיאָנערן אַ ספּאָרט־קרייז און געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ פּיאָ־
נערן־ווינקל באַם דאָרף־הויז. אַ דאַנק פריידקען האבן מיר זיך
פאַרבונדן מיט אייך. (מיטאמאָל) קינדער, שיקט פריידקען! (ער
זעצט זיך אַנידער. די קינדער אַפּלאָדירן).

שטימען:

— ריכטיק!

— פריידקען זאָל מען שיקן!

— נאָר זי!

— פריידקען! פריידקען!

מישקע: (קלאַפּט אין טיש). שאַט, איך שטים אָפּ! כ׳וועל
אָנהויבן פון דער ערשטער קאַנדידאטור.

אַ קאָל: פריידקע איז ערשט...

מישקע: ווער איז דערפאַר, אז פריידקע זאָל פאָרן קיין...
(מ׳לאָזט ניט ענדיקן).

שטימען:

— אַלע!

— יאָ! יאָ! (אַלע הויבן די הענט).

קאָמיוגיסט: (מעלדעט) איינשטימיק באַ איין אָפּגעהאל־
טענעם איז פריידקע אויסגעקליבן.

(ס׳ברעכט אויס אַ האַנט־פּאַטשעריי).

אויסגעשריען פון פּיאָנערן:

— בראוואָ!

— אוראַ, פריידקע!

פריידקע: (שטייט אויף פון אָרט) קינדער, איר האָט מיך
אַלע אויסגעקליבן. איך זאָג אייך צו, אז כ׳וועל איבערגעבן פון
אייך די דייטשישע פּיאָנערן דעם עמעסן „זייט גרייט״!

מישקע: איך דערקלער אונזער פארזאמלונג פאַר געשלאָסן.

(ס׳ווערט א טומל. אלע הויבן זיך פון די ערטער).

פריידקע: (מעלדעט) וואַרט! באַלד וועט זיין די קינסטלע־

רישע אָפּטיילונג. (זי מיט נאָך א קינד טראָגן אַרויס דאָס טישל מיט דער באַנק פון דער עסטראַדע, אַלע זעצן זיך אויס. ס׳הויבט אָן שפּילן מוזיק. ס׳גייען אַרויף אַ פיר מיידלעך אף דער עסטראַדע און טאַנצן באַלעט. ווען דאָס טאנצן ענדיקט זיך, גייען די מיידלעך אַרויס און עטלעכע קינדער שטעלן זיך אויס אף דער עסטראַדע).

מ י ש ק ע : (מעלדעט) איצט וועט זינגען דער כאָר א ליד „דובינושקע״ (צוויי קינדער הויבן אָן זינגען. דעם צושפּיל זינגען אַלע).

פון דעם לאַגער זיך הערט,
הילכט א ליד איבער ערד
און דערטראָגט זיך דורך וואַלד און דורך פעלדער;
נאָר פון יענעם געזאַנג
בלייבט אין האַרצן אַף לאַנג
יענער רוף, וואָס ער קלינגט איבער לענדער.

העי, צעקלינג, צעזינג זיך זיכער,
ווי אַ ווינט און ווי אַ וויכער.
צעקלינג זיך, (צושפּיל).
צוזינג זיך,
נו גיכער!

יענע ליד, וואָס איך הער
זי דערציילט, ווי ס׳איז שווער
אונטער יאָך שטיין געבויגן די ברידער;
נאָר ס׳וועט קומען די צייט,
ס׳וועט אַ הילך טאָן די ווייט
מיט די ליכטיקע מונטערע לידער.
(צושפּיל).

(נאָכן ענדיקן די ליד — אַפּלאַדיסמענטן. דער כאָר פאַרלאָזט די עסטראַדע).

אַ יאַט: (שרייט אויס) זאָל פריידקע דעקלאַמירן! (וואַנקע גייט צו צו מישקען און זאָגט אים עפּעס).

מישקע: קינדער, די קינסטלערישע אָפּטיילונג איז פאַרענ־דיקט. אַ געזעגענונגס־וואָרט צו פריידקען האָט דער פאָרשטייער פון דאָרף — וואַנקע. (רופט) פריידקע, אַהער! (פריידקע שטעלט זיך אַוועק אויף דער עסטראַדע. ס'גייט צו צו איר וואַנקע, צע־וויקלט אַ פּעקל, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ רויט פענדל; אויף איין זייט באַ דעם איז אויסגעמאָלט אַ פּיאָנערישער צייכן, אויף דער צווייטער זייט — אַ גרויסער סערפּ און האַמער. ער גיט עס איבער פריידקען).

וואַנקע: (צו פריידקען) נאַ, אַ מאַטאָנע די דייטשישע פּיאָ־נערן פון אונזער דאָרפישן רינג. זאָג זיי, אַז מיר אַלע... (אין דער רעגע, ווען וואַנקע רעדט, לויפט אַריין אַ פּיאָנער מיט אימ־פּעט, שלאָגט איבער די רייד און מעלדעט).

פּיאָנער: עפּעס אַ פּאָר אַלטע לייט קלאַפּן אַהער!

(ס'ווערט אַ ראַש און אַ טומל צווישן די קינדער. אַלע הויבן זיך פון די ערטער. אייניקע לויפן קוקן צום פענסטער, אייניקע לויפן אַרויס אין דער דרויסן־טיר. מישקע מיט פריידקע באַמיען זיך איינשטילן די קינדער, ס'העלפט ניט. די אַרויסגעלאָפענע קינדער קערן זיך אום צעטומלט).

שטימען:

— עפּעס אַ פרוי מיט אַ מאַן!

— זיי קלאַפּן אין טיר!

— זיי דראָען צעברעכן די טיר, אויב מע לאָזט זיי ניט אַריין!

— ווער זיינען זיי?

— מ'דאַרף אויפעפענען אַ קוק טאָן!

— אויפעפענען!

— אַריינלאָזן!

— ריכטיק!

מישקע: (מאַכט מיט דער האַנט) באַרואיקט זיך!

פריידקע: שאט, שאַט, עפנט אויף, וועלן מיר זען. (אַלע שטופּן זיך צו דער טיר). קינדער, ניט אינייַנעם, זאָל איינער גיין עפענען.

מישקע: זאָל גיין עליק. (עליק לויפט אַרויס. אַלע קינדער גייען אַ ביסל אָפּ פון דער טיר און וואַרטן מיט אומגעדולד, באַלד לויפט אַריין עליק מיט אַ פענדל).

עליק: (שיסט אויס) ס׳איז פעטרעשקע מיטן ווייב! (פריידקע ווערט צעמישט, זי רופט אַוועק מישקען און רוימט אים עפּעס איין. צווישן די קינדער איז א טומל).

שטימען:

— ווער איז דער פעטרעשקע?

— ציבעלע?

— קנאָבל?

(ס׳גיט זיך אַן עפן די טיר און ס׳רייסן זיך אַריין דער מעלאַמעד מיט זיין פרוי, ציפּע. באם מעלאַמעד איז דער דאַשעק פונם היטל אין דער זייט, די קאַפּאָטע צעשפּיליעט, די העמד צעכראַס־טעט. ציפּע מיט דער צעלאָזענער פאַטשיילע אַפן קאָפּ. באַ ביידע זיינען די אויגן ווילד).

מעלאַמעד: (שאָקלט מיט די פויסטן און שרייט) טרייפניאַ־קעס! ס׳קינד גיט אונז אָפּ!

ציפּע: (פאַרברעכט די הענט און קוויטשעט) גאַזלאָנים! וואָס האָט איר צו אונזער קינד?

מעלאַמעד: פאַרשיקן זי! מירן די שטוב צענעמען!..

מעלאַמעד און ציפּע: (שרייען) ס׳קינד גיט אונז! (זיי צעשטופּן די קינדער און רייסן זיך צו דער עסטראַדע. ס׳הויבט זיך אויף א טומל צווישן די קינדער, מישקע מאַכט מיט די הענט, וויל איינשטילן, נאָר ס׳העלפט ניט. ציפּע מיטן מעלאַמעד דער־שלאָגן זיך ביז דער עסטראַדע, וואו עס שטייט פריידקע. וואַנקע איז צעמישט).

צ י פ ע: (דערזעט פריידקען, לויפט צו צו איר און פאַלט איר אַרויף אַפן האַלז מיט געוויין) פריידעניו!.. קינד מיינס... קום אַ היים... זע נאָר דעם טאַטן און מיך... דו דערקענסט אונז ניט?.. ווי צו אונז! וויפל בויך־ווייטאָג געהאַט פון דיר, וויפל שלעק! און איצט ווילן זיי דיך פאַרשיקן... (זי וויינט אוןווישט זיך די טרערן פון די אויגן).

מ ע ל א מ ע ד: (שטייט פונדערווייטנס, וואגט ניט צוגיין צו פריידקען) קום, טאָכטער, וואָס טויגן דיר די שמיאַנערן מיט די דייטשן? פאָלג טאַטע־מאַמע...

(פריידקע שטייט בלאַס, געריררט פון דער מוטערס געוויין. מישקע קערוועט זיך אָפּ אָן אַ זייט. די קינדער קוקן אַף פריידקען מיט די עלטערן און שושקען זיך איבער).

א י צ י ק: (שטעלט זיך אויף אף דער באַנק און ווענדט זיך צו די קינדער) קינדער, מיר טאָרן ניט דערלאָזן... פריידקע איז אונזערע...

צ אָ נ י: (שרייט אויס) פאָר, פריידקע, ווערסט אים ברענגען אַן אויסלענדישן קאַנטשיק, וועט ער דיך קאָנען בעסער גנאָטעווען:

ש ט י מ ע ן פ ו ן ד י ק י נ ד ע ר:

— ריכטיק! ריכטיק!

— זיי רופן זי נאָך אַ היים!

— זאָלן זיי גיין!

צ י פ ע: (צו פריידקען מיט געוויין) וואָס הערסטו זיי, פריי־דעניו? קום מיט אונז! ביסט דאָך אונזער איינציק פאַרמעגן... ווי דיין מאַמען...

פ ר יי ד ק ע: (גיט מיטאַמאָל זיך אַ ריס אַרויס פון דער מו־טערס הענט, גיט אַ גיי אָפּ אַף א שפּאַן און מעלדעט די על־טערן מיט אַנטשלאָסנקייט) כ'וועל ניט גיין! כ'בין א פּיאָנערקע! וואוהין מע שיקט מיך, מוז איך פאָרן! (ס'ברעכן אויס אַפּלאָדיס־מענטן פון די קינדער).

מעלאַמעד: (צו דער פרוי) ציפּע, לאָמיר שרייען גוואַלד! די וועלט קערט זיך איבער!

ציפּע: לאָמיר שרייען! הויבט אָן שרייען) געוואַ... (גיט זיך אַ כאַפּ) אוי, שמועל־לייזער, איך כאַלעש (זי פאַרוואַרפט דעם קאָפּ. דער מעלאַמעד לויפט צו צו איר און פאָכעט אף איר מיט זיין לאַנגן טאַלעסקאָטן. די קינדער לאָזן זיך צו פריידקען אַף דער עסטראַדע, רינגלען זי אַרום, איזאָלירנדיק זי פון די עלטערן און הויבן אָן זינגען:

ס'איז געווען אַ גאָט אין הימל,
איז אַף אים געוואַקסן שימל.
מאַכט אַ פּיאָנערל בים־באָם,
מאַכט אַ פּיאָנערל בים־באָם.

(פאָרהאַנג).